מ. חסיד




Benn

**מ. חסיד**



# דורות שרייען מיך אַריבער

הילע און אילוסטראַציעס פון **בען**.

אותיות געצייכנט פון א. גאָלדבערג

פאַרלאַג:
פחד קראַני ורעדה.
איוב.

M. HUSID

# Doyres Schrayen Mich Ariber

## מ. חסיד / דורות שרייען מיך אַריבער

דער מאַנוסקריפּט פון בוך: דורות שרייען מיך אַריבער
האָט באַקומען דעם „י. י. סיגאַל ליטעראַטור פּריז״,
פון ד״ר הירש און דבורה ראָזענפעלד ליטעראַטור פאָנד

אַ דאַנק:
דעם וואָרט קינסטלער הערץ גראָסבאַרד.
פרוי רבקה גראָסמאַן.
מחנך און שרייבער ש. ווייסמאַן.

דאָס בוך איז אַרויסגעגעבן מיט דער מיטהילף פון
קאַנאַדער יידישן קאָנגרעס.

געדרוקט אין מאָנטרעאַל תשכ״ט

Printed in Canada by
THE NORTHERN PRINTING AND LITHOGRAPHING CO.
Montreal, Quebec
1969

*   *
*

מיינסט
אַז טויזנט יאָר נאָך מיר נאָך
וועט אַ דיכטער אַנדערש זיין
און עס וועט אים ניט מיין אומעט
מיט שיגעון אין קאָפּ אַריין?

און פון ראַנגלען זיך מיט שדי
וועט ניט הינקען ער אויף דר׳ערד —
און דאָרט אויסוויינען מיין ניגון
כאָטש ער האָט אים ניט געהערט?

# מיין פרייד

זינג מיט מיר מיין פרייד, צעזינג זיך
אויפן רוקן פון פּאַרטאָג,
אַ נאַריש האַרץ אין מיר צעשפּרינגט זיך,
ווי אַן אַלטער ציגנבאָק.

מיין חלום איז צוריק אַריין אין חלום
קען שוין מערער ניט אַרויס —
סיידן אַז משיח וועט קומען
אַט פון דעם פאַרברענטן הויז.

ביז וואָס־ווען טוען פענצטער וויינען
ווייל דער ווינט איז נאַקעט־בלוי —
און ווייל איך באַדאַרף די ברכה:
ווויל מיר, וואָס איך בין כאָטש ניט קיין גוי.

נעמט די קאַץ זיך פרום באַלעקן
און באַלעקט אַ פרעמדן זאָק,
ס׳איז היינט חגא ביי די גויים
קלינגט פול שרעק דער קלויסטערגלאָק.

און פון גלאָק נעמט עפּעס טריפן,
בלוט רינט דאָרט אַראָפּ געדעכט.
גויים קוילענען אויף טרייף חזירים —
יידן שעכט מען אין די נעכט.

נעם איך מיט מיינע פאַרטאָגן
אַזש פון בראשית, אַזש פון כנען —
האָט אברהם נאָך ניט געפונען
דעם פאַרפלאָנטערטן באַראַן?

ווער איך מיר גאָר בגילופין
אויפן רוקן פון פאַרטאָג:
אפשר זאָל אַ קרבן ברענגען
איך מיין אַלטן ציגנבאָק?

זינג איך, זינג איך מיך אַריבער,
מ׳זאָגט: ס׳איז קיינמאָל ניט צו שפּעט.
משונהדיק נאָר זיינען קוואַלן,
וואָס איך שעפּ פון זיי דיך, פרייד.

# גוישע מעת־לעתן

ביי בלינדע טייכן
זיינען מיר געזעסן,
אָנגעדאַוונט
פּוסטע גוישע מעת־לעתן.

בלויז אַמאָל פון הימל
אַראָפּגעגנאַרט אַ שטערן,
זיינען אים באַפאַלן
שאָטנס, ווי די בערן.

פּלוצים אויפגעשאָסן
קראַנקע וואַסער־בלומען
און פון זייערע סמען
קינדער אומגעקומען.

סאַראַ טיפע חשכות.
ווו אַהין די טייכן?
וואַקסט ניט דאָרט אַ צלם
ווי אַ קין־צייכן?

ווייטן, ווייטן —
אַלץ נאָך ניט פאַרגעסן,
ווי עס קענען ווי טאָן
גוישע מעת־לעתן?

# אַ געמעל

שומר מה מלילה, שומר מה מליל?...

שרעק טוט גליווערן אין פלעקן אויפן הינטערגרונט פון אַ געמעל.

אַ שאָטן האָט די פיס אונטערגעהאַקט. די וואַך האַלב פאַלנדיק אין אַ תהום,

גלאָצט אַרום־זיך פאַרשלאָפן, שטאַר.

אין אַ צעשניטן רעקל פון אַ קינד וויקלט איין זיך פרירנדיק דער צער.

הימל לאָזט נאָך זיך, קוים־קוים, אַ דינעם דמיונדיקן שטריך, בלויז

פערספעקטיוו.

קאָנטורן שלעפן שווער אַרויס אַ קוימען, דוכט זיך פון אַ זינקענדיקער שיף.

צו אַ פאַרשעמטער ווייסקייט טוליעט זיך אַ בענקענדיקער וואָגלשטיין.

אויף אים, אין גרין און געלע שטראָמען, מאָלט זיך אויס אַ נביאס חורבנדיק

געוויין,

דער בליק פאַרדרייט זיך אַרום זיי און בלייבט שוין אָט אַזוי פאַרדרייט.

גרעלע פאַרבן רינען פון דאָרט קאַלט אַוועק און זוכן זיך צו וואַרעמען ביים

שייטער,

צי אפשר נאָך אַביסל ווייטער

ביים גיהנומדיקן אָפּשיין פון די פּנימער, וואָס האָבן זיך שוין קברים צוגעגרייט.

לעבעדיק עס שלאָגט אַרויס אַן אָטעם בלויז פון שונא מיט די שפּיזן אָנגעצילט

אויפן געמעל,

שומר מה מליל?...

# מיטלאַלטער

דער „שמוציקער יודע"
שטעקט שעפּטשענדיק
די פּיס
אין טייך אַריין.
גוייש טוט אַ דראָזש דער ריין.
אַ שטערנדל, (צי דוכט זיך אפשר נאָר),
שטרעקט אין דעם הימל
ווי אַ בייטש זיך אויס.
— וואָס אַרט דיך אַז דאָס יויזל איז
אַ יויזל גאָר פון דודס הויז? —
נישטערט אום דער ייד ביי זיך
אַ רגע אין דער טאָרבע
און נעמט אַרויס זיין זעקעלע מיט תפילין.

וואַקסט אַרום אויף גיך אַ טשאַטע הינט
און פּחדימדיק זיי הויבן אָן צו בילן.
אָט האָסטו דיר, געזען?
לויפט דעם קלויסטער נאָך
זייער הינטישער געביל.
אַ יעדער כלב טראָגט זיך מיט אַ צלם.
און ס'הויבט אָן שוואַרצן אויפן באַרג
אַ רעווענדיקער עולם.
דער ייד פאַרשטשעמעט זיינע קלאַפּנדיקע ציין,
ציט לאַנג און פאַרכטנדיק זיין אייביקן אחד,
און פון דער אויסגעקרומטער צורה
מאָלט פייערדיק זיך אויס
דער צלם פון איין גאָט.
ווינטן לאַשטשען שטיל זיין אויסגעוואַקסענעם האַלב הויקער,
שטיקער פון לבנה האָט דער הימל אין זיין אויג פאַרמאַכט.
ויהי ערב ויהי בוקר,
פינצטער איז די נאַכט.

# אהיה אשר אהיה

עס שטאַמלען ששים רבוא, מיט אַן אָטעם אַ פאַרכאַפּטן,
צופוסנס פון באַרג סיני:
אהיה אשר אהיה.
סאַראַ שטורעמווינטן טוען פייערדיק אויף זיי אַ ווייע!
אַ כמאַרע האַלט אין איין צעבליצן זיך
און בלוטיקט פּחדים:
לא תרצח, אדם!
צי האָט ניט אָבער דאָרט אַן אַדאָלף, וואַנקע, אָדער יאַנעק
אויסגעחלומט שוין אי אוישוויץ, אי מיידאַנעק?

דער ירדן רינט נאָך ניט אַריבער זייערע ברעגן.
עס לאָזט דער מידבר בלויז אַרויס די שלענג, די עקדישן, די ווילזלטירן.
אַ רויטער הימל קען איצט אויכעט ערגעצוו, צו אַלדע שוואַרצע רוחות,
זיי פאַרפירן.

גייען זיי, אַן עדה יידן און טראָגן שטיינער מיט אַ ליכטיקן:
לא תרצח.
דאָך פרווון פרווט עמלק זיי פון וועג אַראָפּצושטויסן:
— כאַליאַסטרע, פירט זיך — ווי אַ יעדער פירט זיך!

דער מידבר הערט זיך צו און לאָזט אַרויס די שלענג, די עקדישן, דעם
פּיפּערנאָטער.
אַ פאַסטעך וויל נאָך אָפּהיטן די שאָף — נאָר מ׳הערט אים ווי דעם קאַמער.
נעכט שפּרייטן אויס די גלותן איבער די מידע קעפּ.
דער הונגער, מיט אַ לאַנגער צונג, לעקט אויס די אויסגעשעפּטע טעפּ.
און בלויז אין ציטער פון פאַרטאָגן עס שטאַמלען אַלע ששים רבוא:
אהיה אשר אהיה.
סאַראַ ווינטן טוען פייערדיק אויף זיי אַ ווייע.

# פאַר וו־ע־מ־ע־ן?

אַ געוויין דערוועגט זיך ניט אַריין אין קול.
גם כי אלך בגיא צלמות, אינם טונקעלן טאָל,
לא אירא רע —
ס׳בלויז אַ זאָג אַזאַ?
פינצטערן די אויגן מיר פון לויטער אימה,
ליפּן ציטערן אין ניט דערזאָגעניש: פאַר וו־ע־מ־ע־?
בראשיתדיקע זיילן וואַרפט מען ערגעץ ווילד אַרום,
אין קאָפּ ס׳שלאָגן פייערן זיך אָן אין פינצטער.
כ׳גיי אַן אָדמ׳ל, אַ מינדסטער
און ווייס ניט וואָס איז לינקס, וואָס רעכטס,
ס׳דונערט ווו אַ קול:
גערעכט!
גם כי אלך בגיא צלמות, אינם טונקעלן טאָל
לא אירא רע —
ס׳בלויז אַ זאָג אַזאַ.
ס׳פינצטערן די אויגן מיר פון לויטער אימה,
די ליפּן ציטערן אין ניט דערזאָגעניש: פאַר וו־ע־מ־ע־?

# איבערבעטן

עס לעקט מיך מוטערלעך די צונג פון טאָג,
מ'דאַרף אַזוי, ווייזט אויס, מיך איבערבעטן.
מ'רוקט מיר צו אַ שיסעלע פול זון:
— נעם, פאַרזוך נאָר פונעם גרייטן.

איך האַלט מיך אָפּ, ווייל כ'זע
מיט שרעק,
עס פאָלגט מיר נאָך אַ מאָנענדיקע,
אויסגעשטרעקטע האַנט:
— גאָט, וואָס זאָל איך דיר נאָך געבן?
עס בלוטיקט אויס מיין פאָלק איצט
אויף דיין וואָג —
און פינצטער איז מיין גלייבן.

שפּעט, מסוכן שפּעט
איז דיין־אמת
מיט דיר זיך סתם אַרומצוקריגן,
חושד, הפקרדיק און אָן אַ זין
איך טו אויף דיין משקולת
מיט דיר ליגן.

עס נעמט מיך איין און לעקט מיך צאַרט
די מוטערלעכע צונג פון טאָג.
(מ'דאַרף אזוי, זעט אויס, מיך איבערבעטן)
— וואָס רייסטו זיך, מיין זון פון גאָט,
האָסט דען אַ צווייטן?

## מיין גאַנג

דינע טריט
פון אומעטן אַרומגעווישט —
מיין טאַטנס גאַנג
מיט עמעצנס צונויפגעמישט.

אין פענצטער שפּיל
פאַרשפּילט זיך אויך דער טאָג,
שלעפּט עוועניוס אַוועק
צום דניעסטער און דעם בוג.

שלעפּט שטאָטישן פאַרנאַכט
צום שטעטל ערב־טויט,
רייסט פון דעם חלום אויס
אַן אַמאָליק שטיקל ברויט

און דעם אָפּשפּאָר פון אַ קינד,
די מוטערלעכע טרער,
איז ווער זשע טראָגט זי איצט
אויפן פּנים, ווער?

דינע טריט
פון אומעטן צעווישט —
ס׳מיין אייגענער מין גאַנג
מיט וועמענס אויסגעמישט?

# טענות

ווי שרעקעוודיקע שטשורעס קאָרטשען זיך אין ליד די גראַמען,
אַסור צי זיי קענען מיר דעם אומעט מער פאַרסמען.

איך טשעפּע מיך צו גאָט, ער הערט מיך אויס געדולדיק.
סיי־ווי זיינען ביידע מיר איינס דעם צווייטן עפּעס שולדיק.

גאָט! — איך טענה — כלי־זיין, כלי־זיין אָט אזוינע, —
וואָס־זשע האָט זיי, אויף צולהכעיס, תמיד נאָר דער שונא?

טאָפּטשען זיך אין מיינע בלוטן נאָך די דייטשן מיט שטיוואָליעס.
דוד ווערט כסדר קלענער — גרעסער וואַקסט פון אים אַלץ גלית.

כ׳האָב אויף פעלדער אויסגעבעט מיר אַ צוקאָפּנס פול מיט שטיינער,
פּרווו איך עשון צו טרעפן — טרעף איך אים אין מיינע ביינער.

ביי די שוועלן פונעם גלות האָב איך אויפגעשטעלט מיין לייטער,
איז אויף אים דען דאָ אַ הימל? וווּ זשע היך, וווּהין דערגייט ער?

אל שוכן מעונה,
ווער איז דאָרטן מיר אַ שונא?

# פייערדיקע טריט

שווינדל ביט פאַר מיינע אויגן
מיט בילדער אָנקראָכמאַליעט
פון בודאַס, ישו, זאַראַטוסטרעס,
וועמענס שופר בלאָזט עס?
לאָז מיך הערן דיינע טריט
די פייערדיקע, גאָט,
אויף דער ערד.
ספּאַלאָשעט רעווען אינעם ים
די מיצרים פערד
מיט גריוועס שוים און ווינט
אין אַ געווירבל.

ס׳שמעקט מיט פעך און שוועבל
און אויפגעיוירן איז אין האַלדז
די שירה
פון מצה טראָגנדיקע יורשים
פון האַבירו —
באַלד וועלן ווערן זיי שוין
באָרד און פּיאותדיקע יידן,
דערווייל נאָך שרייען הייזעריקלעך זיי
צום עמוד האש:
מיר ווילן פליישׂ!
נאָר ס׳שלעפּט זיי ווער ביים שויבער:
דרך ארץ, שקצים,
צום באַרג סיני!
אַלע מאַמעס טוען אייך דאָ פירן
ר׳זאָלט ווערן פרום און גוט
און יידן.
נאָר זיי — זיי זיינען
האַלב פאַרסמאַרקעט, האַלב נאָך אומצופרידן.

דער וועג שטרעקט ווי אַ פֿאַרמעט פּעל
זיך אויס פֿאַר זיי
אָן אָנגעפּינטעלטער מיט ברענענדיקער תּורה.

די נאַכט איז העל,
די נאַכט — אַ תּפֿילה:
דאָס בלוט וואָס וועט פֿאַרגאָסן ווערן
פֿון אַצינד
זאָל זיין בלויז בלוט פֿון אייער ברית מילה.
ס׳טריפֿט מיט האָניק און מיט קאָזע
מילך.
מיט בליציקן געהילך.
ס׳טוקט דער קיילעך ערד זיך
אין דער תּורה —
און פֿייערן
איבער אַ ים מיט מורא.

# משה

וואָס האָט דאָס בלעם אָט אַזוינס אין אונדז דערזען?
דאָס אויג אַ קופּער־שלאַנג, דאָס זאַמד אין גוף און ביינער,
גאָט אויף אייביק אַן איינגעשלאָסענער אין זיך,
אַן אחד, אַלץ — און קיינער —
און, ווי דעם מידבר, טראָגט אַ יעדער אחד אים אַרום
אין זיך אַליין.

ווי כ׳וואָלט געוואָלט דיך זען,
דיין מענטשלעך פּנים אין דיר, גאָט!
ווי ס׳האָט מיין טאַטע עס געהאַט,
ווי ס׳האָט מיין מאַמע אין געוויין
מיך אין בענקעניש צו דיר דערזען
און אַוועקגעטראָגן פון דער היים
אין אָט דעם קעסטעלע דעם אויסגעקנאָטענעם
פון ווייכן ליים
און צער.
גאָט, מיין האַר,
ווייז מיר אַ פּנים,
אַן אָנבליק כאָטש,
ווי ס׳טוט די ערד,
ווען אַלע אָנבליקן פון דיר
זי נערט.

— דאַרפסט, משה, בעסער לערנען זיך צו זען.

איז וועלן וואָלט איך וועלן,
סתם, פאַר זיך אַליין
אַמאָל דערגיין
ביז צו מיין עלנט
און מיין שטיל געוויין.

זוען, זאָג, ווען
האָב איך דעם סנה
אין זיך אַריינגענומען
און געלאָזט אים מיך פאַרברענען?
לאָז מיך, אייבערשטער, אַ האַר כאַטש זיך דערקענען,
אפשר וועל איך אָט אַזוי אויך דיך פאַרשטיין.

— אין מידבר, משה, אינעם גיין.

## ואהבת לרעך כמוך

די שנאה איז אַריינגעוואַקסן אין דעם צלם
און פרעסט אויף ברוין און געל אים.
געליישטע טויערן בייגן זייערע קעפּ ביים עפענען
באַגילטע קאַטעדראַלן.
מאַדאָנעס אייל געפּאַרבטע פעדערן זיך פרומע
פון די ראַמען אויפן באָדן כורעים פאַלן.
אין וויירעך־קנויל דער זון אַ נאַקעטער
רופט צו זיין פאָטער־גאָט:
אלי, אלי, צי האָט אין אָט־אָ די געמאַכן
אַ מאַמע מיך פון דיר געהאַט?
באַסאָווע שטימען מישן זיך אַריין און ברומען אָפּ
אַ ברוגזדיקן פאַטער נאָסטער.
אַ נזיר קניט און שטרעקט זיך צו זיין שאָטן,
נאָר בלייבט דאָך ליגן אַ פאַרלאָזטער.
אַ בלייכער שטראַל, ביים גלעקער הוידל, ראַטעוועט זיך
צו דעם דאַכשפּיץ פון די דאָמען —
און אויף אַ בריק אין גאַס פאַררייסט דעם קאָפּ
אַ יתום פון אבינו אברהמען:
— גאָט, ווי וויט פאַרקראָכן זיינען זיי די טומאהס,
אָט די הויכע —
ואהבת לרעך כמוך.

# אין קאַלכאויוונס

אין קאַלכאויוונס ברענען מיט מיר אויס די רעשטלעך פון די טעג,
אין זייערע זוימען בלוטיקט נאָך דער אות־הברית.
און, דוכט זיך, אַלע סטעזשקעס לויפן מיטאַמאָל אַהין אַראָפּ פון וועג,
ווי וועל איך מיטלויפן מיט זיי אויף מיינע גלותדיקע פיס?

כ׳פיר די אויגן איבער שטיקער בענקענדיקער אַלטער וועלט,
וואָס טראָגט נאָך איבער זיך די גרויע סלופּעס פון אַ טעלעגראַף
און כ׳לייען דעם גורל פון אַ יעדן זשומענדיקן דראָט,
וואָס פייגל פּינטלען אויס מיט אַ חרטומים כתב.

ביז כ׳שלעפּ אַוועק זיך פון דעם ביינערדיקן טאָל
און פּלאָנטער זיך אַריין אין שטאָלענעם געדריי פון גרויס ניו־יאָרק,
מיין באַקעמקייט עס קליידט מיר אויס אַ יעדע עווענוו
און כ׳האַנדל אַ מציאה איין, אַן אויסבינדער אויף באָרג.

און כ׳וויקל אים אַרום מיין שטייפן עקשן האַלדז
און מאַך אַ שלייף אַ פעסטן אויף זיך אויפצוהענגען,
נאָר כ׳שרעק מיך טאָמער וועט אַ לץ דערזען מיין קרייץ
און וועט מיך אַ משיח אויף אַ צלם צו אייך ברענגען.

# אין עין גדי

אומעט —
דער עבר שלעפּט אים נאָך זיך תמיד
און בויערט זיך אַזוי
אין טונקלער הייל
אַריין.
די פעלדזן־שפּאַלטן פון קומראַן
באַוואַכט דער טויט.
אין הונדערטער מגילות איינגעפּרעסן,
פאַרגינט ער ניט קיין הויט
דעם מאָגערן סקעלעט
פון דאָרנדיקן גואל —
און לאָזט אים דאָרט אַזוי
צו ליידן צוגעקרייצט
און אָדם נאַקעט
אַ פינצטער טאָך
פונעם שאול.
אַ שאָד.
ער האָט קיינמאָל ניט דערפילט
די צאַרטע צוגעלאָזנקייט
און גורלדיקן־ראַנגל פון אַ פרוי,
דער אָרעמער משיח!
ניט ווי אַ ייד צי גריך,
ר׳האָט ניט געקענט די זוניקייט פון זינד,
אַפילו ניט פון אייגן קינד —
האָט אויסגעטרוקנט, ווי אַ פייג, זיין צאַרנדיקע־ליבע
סתם אַזוי,
ווי לעבן סדום מיט זאַלצן אָנגעפילט
אַ בלינדע וואַדי.
היינט וויינען פאַרמעטן אויף אים,
די טרערן ליידיק,
אויך אויף זיין צווילינג,
דעם מורה־צדק,
אַן אָנזאָגער
אויך ער —
און ס׳לעבן ביידנס שרייט ברוגזלעך אַרום,

ווי אַ דערעסענער אָנקלאָגער,
איבער די חורבות, די פאַרקרימטע
פון עין גדי.

## ביי די טויערן פון רוים

איך זיץ ביי די טויערן פון רוים —
איך בין ניט קיין משיח.
מ״ט שערי טומאה פון אַרום
האָבן זיך אין מיינע אויגן אָנגעצונדן.
רוים ברענט אין מיינע ווונדן.

אַנטלאָפן זיינען מיטאַמאָל פון אונטער מיר
די לעצטע וועגן
און עולמות האָבן זיך אַליין אין ערגעצן פאַרלוירן.
עס פינצטערט, רוים, אַ פרעמדקייט
איצט אַרויס צו מיר
פון אַלע דיינע מויערן.

איז וואָס־זשע דאַרף איך אַט אַזוי
מקנא זיין דיין יעדן גוי,
וואָס ברענגט מיט זיך
די דרכים זיינע מיט
און מעסט אויף זיי זיין אייביקייט
בלויז מיט מינוטן —
צי וועט דיין זון מיר,
גלייך ווי אים,
אויסלעקן איצט דעם וווּיטיק
אין די בלוטן?

יאָר טויזנטער אַזוי פאַרשלאָפן,
וואָס ווייסטו רוים,
ווי איך האָב גראָד
ביים פייער פון דעם באַרג,
הר סיני,
אויף אייביק מיט יהוה
זיך צונויפגעטראָפן?

## דורות שרייען מיך אַריבער

איך גיי נאָך דעם טאָג.
עקידה האָלץ איז גרייט אין וואָגן.
דו ווערסט מיך איצטער פון זיך, גאָט,
מיט אַלע ווינטן ניט פאַריאָגן.

צי פעלן אויס מיר קאַלכאויוונס,
אַז ס׳פייערן אַרום מיר אַלע רוימען?
עס גייט מיר נאָך אַן עדה יידן
און ס׳גייט אויך נאָך זייער אַש פון קוימען.

כ׳פאַרלאָז מיך אויף מיין מאָנענדיקן קול
און גרייט מיך ווערן זייער שליח־ציבור.
וואָס שייך זיין אַ פורק־עול
אַז דורות שרייען מיך אַריבער.

# תשעה באָב

דער בית־המקדש האָט שוין ווידער אָפּגעברענט
אין מיטן פונעם שטעטל,
עס טליען נאָך אַרום די זשיפּענדיקע קוילן.
נבוזראַדן, פון אַש אַרויס,
זוכט נאָך עמעצן צו קוילן.
ער שלעפּט צום קלויסטער צו פאַרשמייעט
די גאָלדענע מנורה.
דאָס האַרץ דערוועגט זיך קוים א טענה טאָן אַ רגע
צו דעם בורא:
— היתכן, ס'טייטש און ווו דער שכל,
צום צלם — פונעם היכל? —
אַזוי פיל ירמיהוס ליגן אין דער שול
איצט צוגעקלעמט צו דר'ערד.
דאָס לעבן האָט ניט סיי־ווי־סיי
שוין מער קיין ווערט,
אַז ער אַליין, דער כביכול,
איז אויך אַן אָבל.
גויים שפּילן מיט געזונטע פינגער אום אויף אַלע כלים
על נהרות בבל.

# פון אויפגעפּראַלטע טירן

פון אויפגעפּראַלטע טירן
יאָגט אַ רויטער ווינט —
ביי היימישע טראַקטירן
ניוכען בלודנע־הינט
הפקרדיק מיין בלוט.

נאָגט אין אינדערפריען
פּריצישע מאַנקאָליע.
עד, ווהין זיך ציען
שליאַכן פון פּאָדאָליע
דורך מיין טרייפן־בלוט!

הענגט אַ גרינבלעך יויזל
אויפן כרת־וועג,
זיין דערשראָקן אייזל
טאָפּטשעט אין געיעג
מיין גערונען־בלוט.

דערצאָרנט קוקט צום טאָל
דער אַלט־טשיקאַווע גאָט:
געווען איז דאָ אַמאָל,
עמלק, אַ פרומע שטאָט —
פון עירוב בלוטיקט נאָך אַ דראָט.

דורך אויפגעפּראַלטע טירן
ציט אָפּ דער רויטער־ווינט.
ביי היימישע טראַקטירן
כאַלייען שטום די הינט
און ס׳ציטערט אויף דאָס בלוט.

# נאָסטאַלגיע

דער חצות, פֿון שלאָף זיך קוים אַרויסגעדרייט,
פֿלעקט, דורות לאַנג געקופּערטע, הבדלה בעכער.
צום טיש, וואָס פֿינצטערט ווי אַ טהרה ברעט,
אַ מייזל טראָגט אַ נישט דערביסן „ממזרל", אַ סעכער.

מאַמע אויסגעקינדלט, אַלע טויערן שוין פֿאַרמאַכט,
זאָרגט נאָך אַלץ מיט ד'אויגן אויס די זאָרגן.
אַ חלום, אַ פּריטשעפּקע, אַ ניט דאָ געדאַכט,
פֿאַלט צו דער שויב צו מיט אַ קרייענדיקן מאָרגן.

אַ סטאַדע טעג, ווי פֿאָטשט־פֿערד, פֿלעקיק־ראָבע,
שלעפּט מיט דעם הימל דורכן שויבער פּונעם וואַלד,
נאָר אויבן־אָן די זון, אַ ברוגזע אָסאָבע,
פֿאַרהילט אין כמאַרעס זיך, ווייל תמוז איז איר קאַלט.

אַ ווינט, דער פּיסק פֿאַרפֿאַטשט און מוראדיק געיאָגט,
פֿאַרשטעלט דעם וועג לענג־אויס דער בריק —
אַ קינד שטייט דאָרט אין תהום פֿאַרקוקט
און שעפּט פֿון אייביקייט אַרויס דעם לעצטן עמער גליק.

פֿון טאַטנס בלייכער הויט און אָדערדיקע־הענט
וואַקסט אויס דער דלות פּישטשענדיק־פֿאַרגעלט.
אין קיך שפּילט אויס אַ כּישוף דורך די ווענט:
מנא, מנא, דער סאַמאָוואַר איז אויפֿגעשטעלט.

# למנצח

למנצח — ביז אַצינד
וואָס שפּייזטו מיך מיט שטערן?
ווייסן זיי, צי טרעפן בלינד
וואָס ס׳וועט פון מיר נאָך ווערן?

וועט זיך אויסדרייען די ערד
און מיך איבערלאָזן?
צי פאַרשרפּענען מיין שטאָם
וועלן שוטים־גראָזן?

אין חלום שרייט דער סטעפּ,
וויינען מלך־אביונס גיטער.
הימלען נידערן אַ טרעפּ
מיט אַ הייליקן געוויטער,

שאָקלען פרום די אַלטע קעפּ,
מעסטן אויס די שרעק אין מיר,
רוחות בינדן שמשונס צעפּ
צו מזוזות פון מיין טיר.

אוי, קטנתי, מיין אַצינד
צו רייטן אין האַרמידער,
למנצח, ווי און ווינד
אויף די הערנער פון אַ ווידער.

# לײם

לײמענע שטיבלעך און מענטשן אין לײם,
אַזוי אויך זײער גאָט בײ זײ אין דער הײם.
גרינט, װי די װעלדער, זײער אימה אין אויגן,
גרינען די קוטשמעס פון װינטן פאַרבויגן.
שקלאַפן פאַרשיקטע פון קיסר טראַיאַן,
צו זײ איז אַ ייד אין די לײמען אַרײן.
אוי, קאָדרולע, קאָדרוצע, [1]
אַ װעלט אַזאַ שקצים.
זײ אַנפּעלצן, באַשיכן,
עד ביאת משיחן.

אוי, קאָדרולע, קאָדרוצע,
רחמנא ליצלן פון שרצים
און קליפּות אין לײם —
העלף מיר, בעל שם!

פרעמד, אוי װי פרעמד איז זײער הײם —
אָן אַ שיעור.
אַ כלב שבכלבים לאָזט אויס עס צו מיר.

אַ פרעמד,
כאָטש מײן האַרץ װי אַ העמד
כ'האָב געטריקנט בײ זײ אויף די פּלויטן —
װאָס זשע קומט מיך צו טײטן?

ביזקלן האַלדז טיף אַרײן, טיף אַרײן אין זײער
לײם.
גאָט, ניט פאַרשעם!
אָפּגעהיט כ'האָב אים לעת עתה,
נאָר ראַטעװע, משיחן מיר ראַטעװע,
אוי טאַטע!

---

[1]) אַ װאַלד.

# בעקבתא־דמשיחא

ניט אין קאָסעוו, ניט אין קיטעוו, אין מיין סעקוראַנער היים
טרויערט איבער מיר, אָן אויפהער, דער געעלטערטער בעל־שם.
טאָרעט אים, גאָר מילד, אַלעקסי: „צייט אין וועג אַריין זיך לאָזן.
פון די דורות, פון די חורבות קענסט דעם גלות דען אויסבלאָזן?״
נאָר פאַרדומעט זיצט דער רבי, קוקט אין קרעניצע אַריין:
„וואָס איז דען אין וועג פאַראַנען וואָס איז ניט אויך דאָ פאַראַן?
זעסט, אַלעקסי, אויף מיין דלאַניע, ווי עס לעבט נאָך יעדער ישוב?
אויב ער איז נאָר טיף אין האַרצן — איז קיין חשש ניטאָ פאַר כישוף.
נעם־זשע, סערדצע, שפּאַן דעם וואָגן, מאַך הקפות רונד דעם ברונעם״.
נעמט די וועלט זיך נאָך און פאָרט מיט — פאָרט מען פּנים, שוין, אל פּנים.
נאָר דער צלם, וואָס פאַרשעמט זיך, בייגט דעם קאָפּ אויס אין אַ זייט,
סיי ווי סיי צום רבין, להבדיל, איז פון אים אַ מהלך ווייט.
פאַלן שטיקער פון גן־עדן אין דעם גיהנום אַריין קרום.
„גאָט, ביסט אַלץ מיט סדום פאַרנומען? בעט ביי דיר זיך נאָך אברהם?
אויב דו ווילסט אַ וועלט, גאָט, האָבן, ניט קיין טומאה, שטן־שוואַרץ,
שעפּ אַרויס זי פונעם אין־סוף, טוליע צו זי צו דיין האַרץ.
אויב דו ווילסט די ערד ווי בראשית, טלית־תכלת אָנגעטאָן,
וואָס־זשע רינט דאָס בלוט ישראלס, כביכול, פון דיין צאָן?
אוי, רחמנא ליבא בעי, גאָט פון הימל קוק און זע:
דאָס אַלטע האַרץ איז מיר צעבראָכן, ס׳אַלטע האַרץ טוט דאָך נאָך ווי —
איז פאַר מיר, פאַר מיר אָב רחמן, וואָס דו קענסט מיך פון דער היים,
טו מיר מרדכין היינט פאַרריכטן, כ׳זאָל אים צ׳ריק זיין דער בעל־שם.

דו אַלעקסי האָסט, מסתמא, אַלץ מיט אַלעם ניט געהערט,
סאָראַ נאַכט, אויף דיר כ׳פאַרלאָז מיך — וועסט שוין לאָזן פריי די פערד״.

האָבן פערד קעפּ איינגעבויגן און אַריין אין דער הליכה —
ביז דערשנאַפּט די קלאָרע סלידעס, שפּורן בלוט בעקבתא־דמשיחא.

# דאָס אַלטע בשמים ביקסל

דאָס אַלטע בשמים ביקסל
מיט זילבער אָדערן אַרומגעפלאָכטן,
מיט טורעמלעך גינגאָלדענע,
מיט גלעקעלעך באַקרוינטע —
איז אַן אַנטיק,
אַ מייסטער אַרבעט,
פיליגראַן.

דער זיידע נעמט עס
מיט די בלייכע הענט,
וואָס דינע בלאָע־אָדערלעך
דערטראָגן קוים אַ טראָפּן בלוט צו זיי
און שטעלט עס הויך
אין שאַפּקעלע אַריין.

ער זעצט דערנאָך אַוועק זיך שטיל
און אין אַ ספר איז ער לאַנג מעיין.
ס׳איז אים קשה:
צי האָט ניט רבא אין זיך אויך
אַ היפּשן חלק פון אַביי׳ען?

ביז פּלוצעם רייסט זיך אויף די טיר
פון דרויסן —
אַ וויינט האָט עמעצן אין שטוב אַריין
מסתם אַריינגעשטויסן.
ס׳שאַרט זיך טאַקע אינעם חדר־מיוחד
באַלד אַריין רב עוזר שמש.
ער האָט, ווייזט אויס, די העזה ניט
צו קומען נאָענט צום זיידנס
ד׳ אַמות,
הייבט ער אָן פון ווייטנס:
— זייט מוחל, רבי,
נאָר, ס׳דוכט זיך אַ סכנה.

שקצים, אמתע גאָר לאַפּיטוטן,
זיינען זיך מטמא בפרהסיא.
טוען, אויף צולהכעיס, טועם זיין
פון טשוועקעס און פון חלב —
פני הדור כפני הכלב.
ס׳אַ סכנה, חס ושלום, רבי
און כל זמן....
אַנדערש, וואָס־זשע וועט, הלילה,
דען פון אונדז, אַ שטייגער, זיין?

קוים־קוים האָט דער זיידע
זיינע אויגן אויפגעהויבן —
אויגן, ווי מיט טוי באַהויכטע
פרישע, פייכטע טרויבן:
— מיר אַ חידוש,
בפירוש, מיר אויף אייך אַ גרויסער חידוש,
איר זענט דאָך דווקא גראָד אַ ייד אַ תלמיד חכם
און אוודאי אַ בר דעת —
איז וואָס איז שייך זאָגן?...
איר ווייסט דען ניט אַליין?
צו דער הנהגה דאָרטן אויבן
האָט זיך ביים נייעם דור דאָ אָנגעקלויבן,
אַזוי ווייזט אויס,
עפּעס אַ מין געךעכטער כעס.
אַ ניט, וואָס דען?
אַדרבא, דערקלערט מיר סתם:
עסן חלב האָט אַן אַנדער טעם?

— און דו,
וואָס כ׳בין ניט ווערט דיין נאָמען
צו דערמאָנען,
אויב ס׳איז ביי דיר אין הימל
פאַר מיר אַ זכיה נאָך פאַראַן,
בעט איך, בעט איך מיט הכנעה:
נעם מיך אויכעט, טאַטע,
אין דעם דור אַריין.

# כעלעם

כ׳האָב היינט אַראָפּגעלאָזט
מיין מוראדיקן באַרג
ביי דיין צוקאָפּנס,
כעלעם.
שטופּ אָפּ אים, צי פאַרשטעל אים.
איך געפין ניט אין אַרום
מיין אויסגעטאָענע
קאָפּאָטע,
די נאַכט האָט זי מיר צוגעגנבעט
מן־ההסתם,
אויב ניט פאַרלוירן אין דער סלאָטע.
ווי ווייט שוין אָפּגעשטופּט,
וואָס קען איך וויסן,
אַז מ׳האָט אַרויסגענאַרט ביי מיר
פון פעסל
די לבנה.
בלויז ערגעץ ווו עס לויטערט ווייט,
קוק מיט כוונה,
אַזאַ מין ווייסע בלענדיקייט אין שניי,
זע — —
(און לאָמיר בעטן)
דאָס האָט אין כעלעם בלויז
עס קיינער ניט געקענט
צעטרעטן.

דער אַלטער שמש איז שוין מער ניטאָ
צו קלאַפּן
אין די צונויפגעבראַכטע לאָדן,
מיין אומרו לאָדט זיי אויף זיך אָן,
ס׳אַ שאָדן.

שפרייט אויס דעם אבלדיקן פאָרהאַנג
פון חצות
איבערן פּנים פונעם הימל,
שמייכל,
פינצטער איז אין היכל,
פאַרשטעל אים,
ס׳שטאַרבט אַפּ כעלעם.

## על נהרות גויים

גויים זיצן ביי די ריטשקעס,
כוואַליען זיך אויף זיי די היטשקעס [1]
פינצטערט אין זייער מוט:
מ׳האָט אמאָל זייער גאָט געהרגעט
בענקט זיך נאָך זיין בלוט.

מ׳האָט אַמאָל זייער גאָט געהאַנגען —
צו אַ שלאַנג איז ער דערגאַנגען
צו אַ סקאָרפּיאָן.
ברענט זיין סם אויף וויסטע פעלדער
ווי אַ רויטער האָן.

צינדט די ערד אָן, צינדט אָן הימלען,
כאַפּט ביים האַלדז אין מיטן דרימלען.
דרייט זיך אַלץ אין קאָן.
שרעקט דער פּאָפּ מיט אַ „ניט גוטן"
קלאַפּט אַ צאָן אין צאָן.

פלאַמען הילן איין די צערקווע, צווינטער,
דעם סאָבאָר, צום דאָרף אַרונטער,
דייטשן קרוציפיקס.
נעמט אַרום אַ פייער־לעקער
דעם צלם אויף דער ביקס.

---

[1]) אַ פּאָטלע האָר.

און דער סם פֿאַרשווענקט די ריטשקע,
טובלט פֿויערים ביז דער היטשקע,
פֿלייצט אריין אין מוט.
מ׳האָט אַמאָל זייער גאָט דערהרגעט
טרענקט ער זיי אין בלוט.

## כ׳פֿיר אַרויס מיך...

כ׳פֿיר אַרויס מיך אין דער נאַכט
צו קוקן צו דעם הימל.
כ׳שריי, מ׳זאָל קענען מיך דערהערן:
— גאָט, אפשר איבערציילן אונדז די שטערן?

שרעק און אומרו אין אַרום.
ביים ראַנד אַ בייז שטיק פֿייער.
כ׳שריי, אַז ס׳לאָזט זיך הערן:
— שדי, זיך צום זאַמד אומקערן?

ס׳שטומט אַרום די וויט,
אויף טויב צו ווערן.
כ׳שריי, און קאָן זיך קוים דערהערן:
— וואָס, האָסטו פֿאַרגעסן גאָר דאָס שווערן?

# פון גרויסן טאָפּ

כ׳וואָלט וועלן מיך באַגזגענען
מיט בלייכן שיין פון גזירישע־פאַרטאָגן,
וואָס ס׳האָט דער מאַנטל פונעם ווינט
פון ערגעץ מיט זיך אָנגעטראָגן,
נאָר ס׳דוכט זיך מיר
דאָס קינדערישע בת־קול פונעם הימל
רופט אויף אייגענעם באַראָט:
מרדכי, דיין לעבן איז באַדראָט!

און כ׳וואָלט קוים געגלייבט,
נאָר כ׳זע עס קלאָר:
איך ליג אַ קוויטשיק־אָנגעבלאָזענער,
אַ מלופן־קינד
אין בוזעם דעם צעכראַסטעטן פון ווינט
און וואַקס אַן אומגעלומפּערטער
פון זיך אַרויס.
אַלץ הייסט גרויס?!

די וועלט טוט זייטיק טובלען זיך
אין בלייכן־שיין פון גזירישע־פאַרטאָגן,
כ׳וואָלט אַלץ איר איצט געשאָנקען,
ווען כ׳וואָלט נאָר עפּעס־וואָס פאַרמאָגט —
נאָר מיין גאַנץ פאַרמעג,
דאָס ריזיק מויל,
איז אינעם מיטן פונעם קאָפּ —
און ס׳שטופּט זיך ענג מיט מיר אַריין
צווישן אַלע
צו שעפּן, שעפּן
מיט אַ גרויסן לעפל אין די טרייסלענדיקע הענט
און זיך דערלאַנגען
פונעם כישופדיקן טאָפּ.

## געבעט

בליצט אויף דאָס פּנים פונעם הימל און — פאַרגייט.
— מ׳האָט מיך דען געזען?
אָן אַ כמאַרע פּערלדיק עס שנייט.
ערגעצווו בין איך דאָך נאָענט דאָרט געווען.

ציטער איך פאַר אים, זיין שאגת־הארי,
צי שרייט מיין הארץ סתם, ווי פון קאַלעך־גריבער?
רירט מיך אָן אַ ריר און ס׳וואַקלען זיך די קני —
און דורות, דורות וואַקסן מיך אַריבער.

איך פּאָלג זיי נאָך — און אפשר רוק איך מיך גאָר אָפּ,
עס פאָכן איבער מיר בלויז אַלטע, ווילדע פליגל.
איך כאַפּ מיך אָן אין ליכט, וואָס גליטשעט זיך אַראָפּ
און ברעך אַריין מיך אין אַ בלינדן שפּיגל.

ס׳האָט אויסגעבליצט דער הימל אַלע בליצן און — פאַרגייט.
ווער קען אין עולמות אַ מענטשן דען דערזען?
איז וואָס־זשע פלאַטערסטו אַזוי מיין ניט־דערהערט געבעט,
ווען ס׳לאַכט דער ווינט פון דיר מיט אַלע מיינע ציין?

# דער וואָגן

ווער קען אַרויסשלעפּן שוין אויף דער פלאַך
מיין טיף פאַרזונקענעם היימוואָגן,
וואָס חלום קערעוועט ביים זוים פון וואַך
וו ס׳הייבן אָן זיך די פאַרטאָגן.

בייטן אויס זיך דאָרט די קעפּ
דער שמייסער און די פּאַסאַזשירן,
נאָר ניט אָט דער, וואָס זאָגט זיך אָפּ
אין שטעטל מיך צוריקצופירן.

איך לויף אים נאָך אַ מהלך ווייט
און לויף אריין אין מיין משפּחה —
און באַטש ס׳איז זומער, סאַראַ צייט,
ברעכט אויס אַ זלידנע זאַווערוכע.

איך ווער פּיטש־נאַס. צערינען זיך
מיט מיר אינאיינעם קינד און קייט —
און וואָס געווען איז, דוכט זיך, פרי
עס דרייט זיך אויס און ווערט צו שפּעט.

אַן אויסגעפאָרענער הענגט־נאָך דער וועג
דער חלום טראָגט אים אויפן וואָגן —
און אויב עס שלאָפן פויל די טעג
סקריפּן שלאָפלאָז די פאַרטאָגן.

# די פליג

דורך קאָלירטע שייבעלעך פונעם שפּיטאָל
לאָזן ווייס־געקליידטע קראַנקן־שוועסטער
גאָר שפּאָרעוודיק אַריין
די סטעריליזירטע זון
און לייגן זי אַרויף
אויף זייער ניקל־טאַץ
פאַר מיר.
שטשירן שאַרפע מעסער,
שערעלעך און צווענגלעך
אויס די ציין
און טוען איינס דעם צווייטן
אַ פונקנדיקן קראַץ.
עס בלאָזן אָן זיך ברוגזלעך
די קורצע צניעותדיקע
פענצטער פירהענגלעך
און ברענגען מיט אַ שאַרפן ריח
פון אַלטע רפואות:
קאַרבאָל, צי כלאָראָפאָרם
און אפשר גאָר פון קאָרטיזאָן —
נאָר דער חלום האָט זיך
מיטאַמאָל אין מיר
איינגאַנצן אויסגעטאָן
און לויפט אַרום אַ נאַקעטער
איבערן געעפנטן קאַסטן
פונעם מוח.
עמעצער שטופּט עקשנותדיק
אין מויל אַריין
אַ פלאַטשיק לעפעלע
מיט טעמפּן כוח —

און ס׳דוכט זיך אויס
אַז כ׳דאַרף בלויז דורך
אָט דעם פאַרשמעלערטן
און בלינדן־קאָרידאָר —
און ס׳וואַרט דערנאָך אויף מיר
אַ פרישער, אַ געזונטינקער קאַיאָר —
נאָר וואָס אַנטלויפט דערווייל פון אים דער וועג
און איילט זיך ערגעץ אויף פאַרקערט?
שאַ! דער וויטיק האָט, אָן אַ פאַרוואָס,
אינמיטן דערינען אויפגעהערט —
און בלויז ביים סאַמע שפּיץ פון נאָז
האָט זיך אַוועקגעשטעלט אויף שוואַכע פיסעלעך
און זיך געוויגט פּאַמעלעך
אַהער־אַהין
מיט גרינבלעך־ראָבע
פליגעלעך
(פלאַסטיק־דין)
אַ דיקע, יוסטע
שטעטלדיקע פליג.
ס׳קאָצל קומט!
דו האָסט מיין גאַנצע
זשומענדיקע היים,
ביז צו דער קינדער וויג,
מיר אָט אַצינד
אויף דיינע קורצע זומער־פליגעלעך
געבראַכט
צוריק.

## פענצטער

כ׳וועל אַריינפירן אין חלום פענצטער
איידער מ׳האָט זיי נאָך צעבראָכן,
הונגעריקע שאָטן
זיינען שוין צו זיי דערקראָכן.

הענט געביילטע גרייטע וואַרטן
שטיין אין זיי צו שליידערן,
פייגעלעך דערשראָקן טרעפן:
וועלן פליען פעדערן?

כ׳וועל צום חלום ברענגען פענצטער,
ראַמען שוין צעבראָכן.
גאָט וווהין
זיינען מיר פאַרקראָכן?

# אַ נעגער מיידל

די גאַס אַ ברען. די היפּטן וויגנדיק
גייט אויף אַ שפּאַציר אַרויס אַ נעגער מיידל.
איר אומעט טונקלט אום ביז צום געניק,
נאָר עפּעס שרייט אַרויס איר פונעם קליידל.

באַברילט און שוואַרץ איז איר דאָס אויג
און קוקט ניט אום זיך אויף צוריק.
ניטאָ פאַר איר קיין אָרט אין גאַס,
נאָר סיידן וואַרטן אויף דער בריק.

זי לאָזט זיך ליבערשט צו דעם קאַלעדזש גיין
און לערנט מיט אַ ווילדן חשק —
ביז פּלוצעם טוט דער אומרו איר אַ שטאָך:
— איז ניט איר נאָז שוין צופיל פליישיק?

אַ זייטן קוק צום לעקטאָר פון קאַדעדרע,
ער איז היפּשלעך קלוג, נאָר צופיל ייד,
זי האָט בלויז איינמאָל, אויף אַ שפּאַס,
מיט פרעכן בליק אים אָפּגעבריט.

אומזיסט געוואַרט. און וויגנדיק צוריק
גייט אויף אַ שפּאַציר זי, ווי אַ נעגער מיידל.
צי גייט ער אפשר נאָך נאָך איר?
שרייט אומעטיק אַראָפּ פון איר דאָס קליידל.

זי איז אַליין דערגאַן צו איריקע אין שטוב
און ס׳כאַפּט זי אָן אַ יוכע און אַ לאַך היסטעריקע:
— כ׳וועל דיך נאָך פאַרברענען ביז צום סאַמע גרונט,
איך וועל פאַרברענען דיך, יעס סער, אַמעריקע.

זי וואַרפט דאָס שרייק קלייד פון זיך אַראָפּ
און לויפט אַרויס אַ נאַקעטע, אַ האָריקע.
— פאַרשאָלטן איך, דו האָסט אַ חיה אין מיר אויפגעוועקט —
און זי וועט שענדן דיך, ביז וועסט מיך ליב האָבן, אַמעריקע!

# בראשית

אַן אויסשמירעכץ פון אַ פּאַרטאָג:
די נאַכט האָט ערשט־אָט אין איר בלוט
אים דאָ געהאט,
איצט ליגט זי טויט ביי גאָט אויף די הענט.
ווינטן לעקן זיך אַרום,
אָדם וואַקסט פון דער אַדמה
האַלב אין דער קרום.

ס׳מעסטן זיך אויף אים אָן אַלע דורות,
וואָס אויסקלייבן פון זיי?
אַ קין, צי אַן הבל, צי ביידע אין איין איוב?
וואָס טראָגט די וועלט אין שויס פאַר אים?
וואָס איז ער איר מחויב?

עס בריט אים אַלץ אין לייב דאָס מעסטל שטויב,
דער ריס פון דער ערד,
משמעות, אָט אזוי האָט ער מיט איר זיך אָנגעקערט.
פאַרצערט פון ניאוף, שכרות, מאָרד,
וואָס וועט דער גוף זיינער איר ברענגען צוריק,
וואָס פאָרט?

בלויז אָנפילן איר טיף, איר הייך, איר ברייט?
אויב גאָט ווערט אויסגעלאָזט, וואָס מיינט דען צייט?
זאָל זיין אַז הונגער אָט אַזוי די גרויס
ווי שטן שלעפּט פון אָדמען אַרויס?

פאַרשאָלטן ווי ס׳טוט וויי, טוט ווייי דאָס לעבן ביז דער זיבעטער ריפּ.
קניפּט אויף אַ קנופּ כדי טאָן אים ווידער אַ פאַרקניפּ —
דאָך עפּעס שלאָגט זיך דורך פאַרליבט, עלעהיי ווי דורך אַ שטיין.
חוה, האַלב געשלענגלט, שפּרינגט אַרויס פון אים מיט אַ געוויין.

# גאָט פון חוה

די צייט לויפט איין,
אין קניילכל ווערט קורץ דער פּאָדעם.
זעסט מיך גאָט,
כ׳בין אָדם.

ברענסט אין מיר נאָך פון גן־עדן,
אייטל תאווה.
האָסטו ניט פאַרזען וואָס,
גאָט פון חוה?

כ׳וואָלט אין איר געפּלעט די שלאַנג,
וואָס שלעפּט צו דיר, צום טויט —
נאָר זי נעסטלט אין מיין עלנט,
אין מיין ברויט.

די קינדער אירע? — פרעג די קינאה,
בלויז דיין גנאָד.
זיי זיינען אַלע דיינע,
גאָט!

# ניט דערזאָגט

עס טאָגט אין קאָפּ און דעמערן אין זיינע טונקעלע שפּרייטן
די אינדנבערג פון תהילים.
איך פּרוּוו מיך גרייכן ביז צו זיי אַרויף,
נאָר ס'שרעקט מיך אין דעם טאָל אַ שטן,
ער שפּאַרט מיר אָפּ די וועגן רונד אַרום,
ווי פאַרן בלינדן בלעם.

כ'הייב אָן אויף ס'ניי דעם סאַמע גאַנג
פון מדבר, פון מה טובו,
כאָטש ס'דונערן ניט מער אין אויערן אַריין
די קולות וברקים
פון יהוה.

ווער וועט אַרויפגיין דען מיט מיר
מיין באַרג פון טרויער?
ווער וועט אין צוגלופטן היינט עפענען פאַר מיר
צו זיך אַ טויער?
עס רעדט דער טאָג אַריין מיט פרעמדע צונגען,
אַ מויל פול קלאַנגען,
איך טרענק מיך אין זייער שוים
און קען ניט צו זייער פשט דערלאַנגען.
עס שווינדלען פאַר די אויגן אום פאַרשייט
די טעכטער פון בעל פּעור,
וואָס זיי אַנטבלויזן פרעך —
פאַרשווענקט אַ תהום
כלחוך השור.

איז וואָס זשע טאָגט אַזוי אין קאָפּ
און טאָגט און טאָגט? —
צי האָב איך עס געהערט
ווייל מ'האָט עס קיינמאָל ניט דערזאָגט?

# אין חלום

פוילע בעסאַראַבער אָקסן שלעפּן (אַדורך דעם חלום און יריד) צוריק מיך צו
מיין שטוב,
עשו האָט שוין ווידער אויסגעבראָכן דאָרטן אַלע טעלער מיט דער לינדזן־זופּ.
מעקלער שושקען זיך דערשראָקן, ווי די שאַטנס, לויפן אַן אויף צו אַנטלויפן:
„די בכורה.... אָסור... ס'זאָל אַ ייד אַזוינס גאָר קויפן".
נעם איך יעקבן אַרויס פון בוזעם און איך לאָז אים זיך אויסוויינען,
מיר אַ חילוק דען איצט וועמען ער וועט אויסקלייבן זיך פאַר אַ מקונן?
און צו עשון דערשראָקן כ'טראָג אַ קוואָרט צו ריינעם ספּירט —
טוט דער חלום אַ פאַרקרום זיך און ס'דוכט זיך מיר ער פרירט.
שטרעקט די האַנט פויל, רייסט אַראָפּ מיר פונעם שאַרבן דעם „של ראש".
וואָגלט ווייט ארום, אין וועלט פון חוזק, מיין צעריסענער קאַלאָש.

# פון תנך

רינען נאָך מיר נאָך די מורמלענדיקע טייכן
פון תנך
און וואַקסן מיך אַריבער
אַלע חומש גראָזן —
ווייל חוה
זוכט אויס אָדמען אין מיר
און טוט, פאַרשאַרטערהייט, די האָר צעלאָזן.

שפּריצט מיך אָפּ דער ים־סוף־ים
און נחשון ווערט אַ גיבור —
נאָר משה וואַרט,
דאָס וואַרטן איז ניט סתם,
איך מוז נאָך אויך מיט אים אַריבער.

פליען אותיות, ווי שבת־שירה פייגעלעך, אַרום
און רופן מיך פון אַלע גרינע דעכער —
נאָר שוין פון בראשית ברא אָן,
צישן צו מיר שלאַנגען פון די לעכער.

בלאָזן שופרות זיך דעם אָטעם אויס
און וואָרענען: אָסור די מחנה צו פאַרלאָזן!
נאָר כ׳בין פאַרזינדיקט מוראדיק צו זיך אַליין
און כ׳באַהאַלט פאַר גאָט מיך אויס אין חומשדיקע גראָזן.

## ביים ברונעם

טיף, גרויליק טיף און פֿאַרשטעלט איז דער ברונעם.
די זון האַלט אין בראָטן.
קליין בין איך, קליין, אַ גר אָן אַ פּנים —
נאָר לאַנג איז מיין שאָטן.

די טעכטער, די טעכטער מיט האָריקע קעפּ,
זיי קומען אַהער אויף טשיקאַוועס.
דוכט זיך, זיי לאָזן אַראָפּ זיך די טרעפּ
אין קליידער, וואָס זיינען נאָך חוה׳ס.

מיט טאַטעשן נחת עס קוקט זיך צו גאָט —
דער דונער איז בלויז אַ קאַטאָוועס.
די צייט לאָזט מיך דרייען קאַפּויער איר ראָד
און כ׳פיר מיך פּונקט אויף ווי די אבות.

לייטערן נעכט זיך נאָך אויס אינעם הימל
און קיילעכיק קומען די טעג צו זיי אָן,
שמייכלען און ווינקען צו מיר, ווי אין דרימל,
אפשר באַפעלן זיי עפּעס צו טאָן.

רחל טויכט אויף מיט אַ גלוסטיקן פּנים,
חלשט צו טרינקען אינאיינעם מיט לעמער —
נאָר אַלץ איז אומזיסט, כ׳קען ניט שעפּן פון ברונעם
ווייל ס׳הענגט אויף דער קייט אַ צעלעכטער עמער.

# אַ בוים

אַ שאָטן אַ שמאָלן ביים אויסלויף פון מדבר
דער בוים טוט פון זון אַ דערכאַפּ.
דעם מאַן ביי דעם בוים רירט דער שאָטן אָן קנאַפּ.
ער טוליעט דאָס לייב צו צום שאַרסטיקן שטאַם
און וויקלט די הענט אַרום בוים און זיין קרוין,
ווי אַ ווייב וויל ער טאָן אים אַ גלעט.
ס׳איז דער בוים ניט קיין בוים,
ס׳איז זיין איינציק געבעט.
שטאַם מיט שטאַם זיך געטראָפן, צונויפגעקלעמט שוין,
שטאַם פון בלוט, שטאַם פון האָלץ,
מיט אָדערן, וואַסער
און קאָרע און הויט
און אַביסעלע זאַלץ —
נאָר נאָך אַלץ
ניט געזעטיקט מיט ברויט.
עס הערט דער מאַן אין זיין דמיון
פייגל פריי צוויטשערן —
פייגל, וואָס זיינען אַהער ניט דערפלויגן.
ער הערט ווי עס קוועלן שטיל צינגלעך פון וואַסער,
וואָס האָבן אַהער זיך געצויגן.
וואָס האָט עס דער בוים?
כאָטש פארטרוקנט ביים זוים
ווי אַ פרוי איז ער האַלב אים נאָכגיביק.
וואָס ברענגט ער דעם בוים?

ר'האָט מיט זיך בלויז זיין וואַנדערער־קלומיק.
נאָר ער צערטלט מיט אויגן און בענקשאַפט אַזאַ
דעם שאָטן וואָס ציט זיך צו דר'ערד.
דער שאָטן קריכט אום מיטן קאָפּ אויף פּאַרקערט
און גראָבט מיט דער זון אין געבאַקענעם ליים.
ליפּן שטיל שעפּטשען, דער מאַן אָבער הערט:
— כ'וויל אויך וואָרצלען אָט דאָ, אַ שטאַם צו אַ שטאַם,
אָן אַ שאָטן אויף מיר, מדבר פרוי, מדבר בוים,
געפין אין מיין בלוט דיר אַ היים.

## שרתי במדינות

(די האַרינטע צווישן די מדינות: איכה, א.)

שאַר אָוועק פון מיר היינט דעם געשיכטע פאָרהאַנג.
סאַראַ תענוג,
איך קוק מיט מלך דודס אָדלער בליק
אַזש ביז דמשק וויט
גלייך פון מיין גאַנעק.
אַ שאָק מיט יאָרן האָבן איצט זיך
דורכגעריסן
דורך דער קייט פון צייט.
שרתי במדינות,
וויש מיר אויס דעם חורבן־אַש פון אויגן,
לאָמיר איינקלעמען זיך אין פייערדיקן וואָגן,
רכב ישראל ופרשיו —
סוף כל סוף
ר'איז אָט־די רגע
צווישן אונדז אַדורכגעפלויגן.

## חמסין

קריכן טעג, ווי רויטע שפינען, אינעם שטויביקן חמסין,
זוכן אום די פייער־אייער פון דער זון אין מדבר צין.
ווינטן דראַפּען זיך אויף ווינטן, ווערן בלויע פּיראַמידן,
שרייט די היץ אַרויס פון חיות, שרייט אַרויס פון זשוואַווע יידן.

מיצרים ליגן ביי די ברעגן חלומט זיך זיי תל־אביב;
וועט זיי עמעצער אַלץ ברענגען צוגעטראָגן אויף אַ שיף?
טוען אַ טרייסל זיך די הימלען, פאַלן שווער מיט אַ גערויש.
דוכט זיך, אַז יוצאי מצרים וואַרפן צוריק די טעפּ מיט פליש.

שמעלערט איין זיך שטאַרק דער חלום, טרוקנט אויס ווי דער סועץ,
בלייבט אַ פלעק פון אייל אין אויגן — און אַ פלעק פון פּרעה׳ס קרעץ.
וואָס זשע בייזערט זיך באַרג סיני און מ׳דונערט דאָרט אויף ס׳ניי?
ברעכן איין זיך מיצרימס געטער: גאָט איז אַלץ נאָך אדני!

# אין מדבר

געהילכן נעמען דראַענדיק אַרום דעם מדבר.
אין טויט־אַנגסט שריי איך מיך אַליין אַריבער.

איך קני אַקעגן רויטן אָפּשיין פון אַן אָנגעגליטן הימל
אונטער אַ דאָרן־ריצנבוים, אַ קיקיון.
איך האָב דיך ניט פאַרלאָזט, באַשעפער,
אויך ניט געמאָנט פון דיר דעם מינדסטן לוין.
אַריין צו מיר איז בלויז, אין בלוטן טיף,
די זינדיקע נינוה —
וווהין אַנטלויפן דען פון איר —
אַז איך טראָג זי מיט מיט איר געשריי?

איך בין אַ ווערעמל אַ חקרן,
אַריינגעקלעמט אויף אייביק אינעם שפּאַלט פון סוד:
וואָס האָט דער אמת פאַר אַ פּנים ביי דיר, גאָט?
אַ ווערעמל, איך בייס מיך איין
אין טוכלע פאַרמעטן פון מיין מגילה.
אַ מענטש, אין אינגעווייד פון פיש,
וועט נאָכזאָגן אַמאָל, אַ פאַרכטיקער, מיין תפילה?
וועט ער דערקענען זיך אויף מיר?
וואָס וועט ער וויסן,
אַז כ׳בין פון צייט, ווי איך בין פון מיר אַליין,
אין סאַמע תוך צעפּיצלט און צעריסן?

ביים ראַנד פון תהום די ליכטער שלאָגן מיך
מיט ריטלעך פון דער פינצטער:
אַ שלאָג — אַ דור, אַ שלאָג — אַ דור,
אַט ווי מ׳שלאָגט מיך איצטער.

איך קני אַקעגן רויטן אָפּשיין פון אַן אָנגעגליטן הימל
אונטער אַ דאַרן קיקיון.
דו האָסט מיך היינט פאַרלאָזט, באַשיצער,
איז וועמען קומט דערפון אַרויס אַ לוין?

## די עקידה

די עקידה פיר איך דורך אין מיר, מיין זון.
דער באַרג האָט זיך אַ וואָלקן אָנגעטאָן
און בראשיתדיק עס זינגט די ערד,
ווי ס׳וואָלט די אייביקייט איר ליד באַגערט.
עס זינגט די מילב, עס זינגט דאָס גראָז,
אָן אַ פאַרוועץ, אָן אַ פאַרוואָס,
עס זינגט דער שטויב, זינג איך און דו —
אין שטויב איז צָט־אַזאַ מין ליבע דאָ.
און אין די שטערן?
קענסטו עס גרייכן דען — אויב וועסט דערהערן?
דיין לעבן איז מיין בינדונג, זון, צום בורא,
ס׳ציט מיך אויך צום טויט, ציט אַהין אַ מורא,
אָט, ווי דער וועג וואָס פירט צו דער עקידה —
און ס׳בינדט צונויף אונדז, קינד, צונויף אונדז ביידע.
ס׳אַ בונד אַזאַ, אַ פייער וואָס פאַרצערט דעם קרבן,
עס ברענט ווען אַלץ אַרום איז לאַנג, שוין לאַנג געשטאָרבן.
איך קאָן ניט אַנדערש — כ׳בין ביי דער עקידה,
אויב דו פאַרשטייסט מיך, זון, זיינען דאָ מיר ביידע.

# איז וויפל דוידס קענסטו האָבן נאָך, זאָג וועלט?

(לזכר מיין שוועסטערס זון, דוד
בעריכמאַן ע״ה, פאַרברענט געוואָרן —
ביים פאַרריכטן די באַשעדיקטע דראָטן
אין דער געגנט פון שדות־ים.)

וויפל רעגנס דאַרפן אויסוואַשן דאָס בלוט פון דער ערד?
ס׳ליגט אַ בינטל בלומען, אַ סלופּ־איבערגעקערט
און דויד. חשמל־דראָט האָט דאָס לייב ביי אים פאַרברענט,
דער שליאַך, מיט וויכן זאַמד, האָט אָפּגעלאָשן בלויז די הענט.

נאָסע היימלאַנד ערד, מאָנסט אַלץ קרבנות,
וויפיל איז דער שיעור? — ס׳שטייען צוויי אַלמנות,
די מוטער און די פרוי און קינדערלעך אַ פּאָר.
דער ווינט ווײנט שטיל אַרויס פון זייערע קרייזלעך האָר.
ס׳וויינט דאָס פישערשיפל ביי די ברעגן פון שדות־ים.
דאָס איינצימערדיקע הייזל, דעם זיידנס בילד אין קרומער ראַם,
ס׳וויינט דער משק — כאָטש מ׳האָט אַהער
זעלטן ווען אַריינגעלאָזט דעם טרויער — נאָך זעלטענער אַ טרער.
ס׳איז אָנגעלאָדן ווידער שוין עלעקטריע אין דראָטן,
ס׳באַוועגט זיך די מאַשין,
נאָר ס׳קענען אַלץ נאָך קלאָר ניט תופש זיין דעם זין
די צוויי אַלמנות, די אויגן לויפן הין און צוריק, אָן גלייבן:
— דויד זאָל ניט קענען זיך אויפהייבן?

איז וויפל רעגנס מוזן אויסוואַשן דאָס בלוט פון ערד,
וויפל תבואה־וואָגנס מוז אַריינשלעפּן אַ פערד,
צי וויפל מויערן מוז אויפשטעלן אַ מאַן —
ער זאָל דאָס רעכט האָבן אָט דאָ צו זיין?

און וויפל דוידס קענסטו האָבן נאָך, זאָג וועלט?
— סך הכל, ר׳האָט דאָך ניט געוואָלט גאָר זיין קיין העלד.

# גאָט ווערט אַ מענטשלעך געשריי

טרייסלט זיך אָפּ פונעם הימל אַ דונער,
דער אָפּדונער פאַלט אין אַ תהום.
שניידט זיך אַ בליץ איין אין שויבער פון וועלדער —
ר'האָט ליב אַ שנייד טאָן דאָרט סתם.
ניין, ניט אין שטורעם איז גאָט.

שקראָבעט מיט נעגל דעם חלל אַן אָדלער —
ער טראָגט אויף זיין רוקן אַ קינד.
שטום איז דער פּחד, אַזוי ווי דער גורל,
שטום ווי די אייביקייט, בלינד.
זון ברענט פאַרשפּאַרט אין איר ראָד.

נידערט אַ נידערונג, ליגן דאָרט ערדן,
הייבט דאָרט־אַן וויי טאָן אַ וויי.
בלוט טוט זיך גיסן, באַפּלעקן די פליאַמעס
קרישטאָליקע גרויפּן אין שניי.
צום שלאָגן זיך דאַרף מען כאָטש צוויי.

ווונדיקט אַ וווּנד, הייבט אָן דונערן, בליצן.
עפּנט דער גורל אַן אויג.
זון פאַלט אַרויס פון איר ראָד אין די הימלען,
וועלט טוט פון אַקס זיך אַ בויג.
גאָט ווערט אַ מענטשלעך געשריי.

## גויים

די גויים האָבן אַלץ פון מיר אַרויסגעטראָגן,
עס גייט זיי נאָך מיין פוסטע שטוב.
נאָר וואַנקע קערט זיך אום פּאַמעלעך
מיטן וואָגן —
ער מוז נאָך מיטשלעפּן דעם גרוב.

דער אַלטיטשקער קאַשטאַנען־בוים
וואַרפט דאַרע ריטלעך
שקציש־בייז אַראָפּ מיר אויפן קאָפּ.
אַ וועלט מיט הונגער קוקט צו מיר אַרויס
פון דעם פאַרסאַזשעטן משפחה טאָפּ.

דאָס אויג פון גאָט
הענגט אין דער לופט
צעיאַטערט און געשוואָלן רויט,
ס׳קען זיך מער ניט צומאַכן
פון גאָלע שטוינען
ביי דעם אָנבליק פונעם טויט.

אפשר בין איך גאָר אַצינד מחויב
זיך זעצן מיט אַ שערבל קראַצן
אין דער בייסנדיקער ווונד
אַזוי ווי איוב.
דער שטן וועט מיך בייקומען גאָר לייכט
דאָס מאָל, —
ביי וואָס זיך האַלטן ?
פון טרייסטנדיקע פריינט ניטאָ קיין שפור,
געבליבן ערגעץ שטעקן אין אַ לאַנד אַ קאַלטן.

וואָס וואַרטסטו, נאַכט,
גיב מיר אַן אות, אַ רמז,
נעמט אַט אַזוי איצט טאָגן?
צי האָבן גויים גאָר אַרויסגעשלעפּט
פון פּוטערפּאַס
אויך אליהוס פייערדיקן וואָגן?

## אַברומעליע

פאַרן איינגעקרומטן, האַלב־פאַרגעלטן אַברומעליע
האָבן די מלאָכים מיטגעבראַכט די הענט
צו האַלטן זיין צעוויגטע סטעליע.
דער כביכול האָט זיך אָנגעמאָסטן שטילערהייט, אינעם קאַיאַר, זיין הויקער
ברן יחד כוכבי בקר.
נאָר איזן איז ער גראָד געווען אַ ייד אַ פּשוטער, אַן אָפּגעריבענע מטבע,
סך־הכל אַ לאחדים קרעמער.
וואָס העלפט דען גאָט ביי אים אין האַרץ — אַז הערשן
הערשט דערוויל דער חומר?
נייך, ער האָט דעם ניצוץ ניט פאַרמאָגט, כסדר רק אַרומגעדאגהט.
ווי האָט ער דען געקענט אַ חסיד זיין — אַז ער איז געווען גאָר אַ מתנגד?
האָט ער אַרומגעשלעפּט די פיס מיט אַנגסטן אויף דער ערד
און תמיד נאָר זיך צוגעהערט
צי טרעט ער, חס ושלום, ניט אַמאָל אויף מתים,
זאַטשעפּעט ניט די שטילע גראָזן?
און וואָס טוען עס טאָן די בייזע ווינטן
אינעם שטעטעלע צעבלאָזן?
שרייט ניט רשעותדיק אויף אים דאָס דאָרף, דער שענקער, שמאַראָוואָזניק:
היי, דו, זשיד, כאַלאַמיי, אויסוואורף איינער און בעזבאָזשניק?!
דערמאָנט מען אים דעם טאַטנס יחוס? — געווען אַ „פּאָימעניק״
פון גזע קאַנטאָניסטן,
„ניקאָלען״ אָפּגעדינט געטריי, פאַר גאָלער ליבע פון די קריסטן.
היינט לעבט ער, אַברומעליע, צווישן גויים, מאָלדאַוואַנעס, באַרג־הוצולען,
פאַרקויפט זיי פּאַטשערקעס, רחמנא ליצלן, מיטן טרייף־פּסול אויסגעמאָלן.

ער פילט ווי ס'פייערט, אין דער מיטן פון קראַם ביי אים,
די אויסגעשטרעקטע צונג פון גיהנום
און ס'זויינט אויף די געמאַרקן איצט אויף אים דער נביא,
זיין נביא, אליהו: אָבער גיי דערקען אים —
און יונגוואַרג שרעקט אים מיט אַ בייעם שאול־תחתיות, ניט אומזיסט:
— איר זענט כל דבר אָסור, איר ר' אַברומעליע, בורזשוי, קאַ־פּי־טאַ־ליסט!
און טייטלען מיט א גראָבן פינגער אויף זייער שולחן־ערוך:
כה אָמר לעניו!
ער קען עס אָבער, בשום אופן, גאָר ניט מסביר זיין זיין פלוניתטע,
זיין העניען.
חזרט ער זיך איין אין האַרצן, אין דער שטיל:
וואָס בין איך פּאַר אַ חוטא בעגל דען אַפילו אויב אַ קרעמער?
ווי קען מען איינהיטן גאָר גאָט אין האַרץ —
אַז הערשן הערשט דער חומר?
דאָך הערט ער שוין ניט מער דאָס פרומע וואָרקען פון מלאכים
אונטער סטריכן פון זיין סטעליע:
— אלי, אלי למה עזבתני?
וואָס זשע האָסטו איך דו פאַרלאָזט מיך, אַברומעליע?

ביז עס האָבן אָנמאַרשירט אויף אים, אין פינצטערן געוויטער,
מחנות רעוועגדיקע דייטשן.
דאָס בלוט זייערס אָנגעטרונקען זיך מיט פרעמדע בלוטן.
(גאָט צי פעלט דיר ניט אַ טייטש נאָך אויס צו אַלע דיינע טייטשן?)
אין גאַסן אויסגעלאָפענע, האָט ער אויף זיך אַרויפגערוקט,
צום לעצטן מאָל, דעם היימישלעכן הויקער —
און פון אַ גאַז־קוימען אַרויס נאָך קלאָר געזען:
מלאָכים פאַלן
ברן יחד כוכבי בקר.

# אויפן בוידעם

אויפן בוידעם האָבן זיי געפירט אַ ליבע
און געוואַקסן איז אויף זיי די בויט —
מייזלעך האָבן זיי גאָר אָפט באַדויערט
און געטיילט מיט זיי זייער ביסן ברויט.

און די זון דורך אַ שפּאַרונע
האָט אַרייַנגערוקט דעם קאָפּ.
איז דער שאָטן פונעם שטערן
אויף דער נאָז דערוויל אַראָפּ.

דיקער שטויב האָט אין דער לופטן
זיך פאַרפלאָכטן אין אַ שטריק —
און אויף אים האָט, ניט פון שווילטאָג,
זיך דערוואָרגן שטיל דאָס גליק.

ווייל אַ פּיפּיקער שמאַלצאָווניק
האָט דערשמעקט דאָ דעזערטירן —
אָסור צי פאַרראַטן אַנדערש
וואָלט דער בוידעם אָן די טירן.

איז געבליבן בלויז די ליבע
עלנט טוליען זיך צום זאַק —
ס'איז געוועזן, איר טרעפט אַוודאַי,
צווישן געטאָ און פּאַוויאַק.

# סיידן

סיידן האָסט געכאָוועט
אַ הונגער־וואָלף אין געטאָ
און ס׳האָט פון דיר דיין אומעט
מיט יאַשטשערקעס געלאַכט,

סיידן ביסט געקראָכן
פאַרבלעַנדט איבער די סטעפּן
און גאָט האָט אָנגעטאָן זיך
אַ בלוטיק־שוואַרצע נאַכט,

סיידן האָסט געגעכטיקט
אין הקדש מיט ממזרים —
און ס׳האָט דיר נאָר דער חוזק
אַ היים דאָרט אויסגעטראַכט,

סיידן אָדם נאַקעט
געזאָלט מ׳האָט דיך קרעמירן —
האָט דערפאַר דיין אַש איצט
דער חלום דיר געבראַכט.

## גיי שרייַ

גיי שרייַ אין מדבר — — אַז ס׳איז קיין מדבר גאָר ניטאָ.
שפּייַ אָן דער זון אין פּנים — — די זון איז וווּ?
הייב אויף די פויסט אויף גוים — — זעסט דען זייער קאָפּ?
ס׳איז בלויז אַ הייַשעריק, ביים באַרג אַראָפּ.

מע כאַפּט, מ׳שלינגט, מ׳שטינקט, מ׳האַלט זיך אין איין פאָרן,
אַרייַנגעוואַקסן מיטן לייב און לעבן אין אַ וויסטן צאָרן.
מ׳קניט רק, קניט פאַר זיך אַליין, פאַר אייגענעם באַראַט,
ס׳איז זייער גאָט,
וואָס קאָרטשעט איין אין שרעק זייער הויט
ביים אָנבליק פונעם פּלוצעמדיקן טויט.

לאָז דיך אַראָפּ שטיל אויפן שמאָלן סטעשקעלע פון לעבן,
דו האָסט די לוחות דאָך און קענסט אין זיי נאָך גלייבן,
נעם דאָרט אין וואָרט אַרייַן די שאַרפע שייַן
פון מדבר און פון זון —
וועסט זיי אַ וועלט אַזוי נאָך פורעמען דערפון.

# אַקאָטאַ

חיות רעזוען ווילד אין מיר,
אַפילו ווען זיי שטומען —
תאוות אָפּגעריסענע פון קייט
רייצט גלייך אויף זייער ברומען.

וואָס זשע מאָנען זיי אַזוי?
ווער ווייסט אַמאָל וויסן?
סאַראַ חשכות האָט אין מיר
פּלוצעם אויפגעריסן.

קרומט זיך אויס אַ ריזן פּיסק
אין פליייצנדיקער בלאָטע —
עס יאָגט מיר נאָך אַ שוואַרצע קאַץ:
אַ־קאָ־טאַ!

# לאָמפּן

לאָמפּן אין דער נאַכט —
ווער האָט אייך אַזוי פייערדיק
צו מיר אין חלום היינט אַריינגעבראַכט?

— עס טראָגט אַרום זיך צווישן אייך
אַ טיר אַן אויפגעריסענע,
אַ טיר פון פאָטערס הויז —
און אַ דערשטיקטער גוואַלד
פון עמעצענס אַ האַלדז אַרויס.

ס'איז מן־הסתם דאָס קול פון אונדזער שכן,
דער זקן שלום שכנא,
זיין הונדערט־אויגיקער דערשרעק
גייט דאָ אַרום אַליין —
אַן אומגעהייערע מחנה.

און דאָס אויסגעדאַרטע פּנים זיינס
טויכט אויף אַ ציטערדיקס ביים ברונעם,
באַטראַכט מיט מאָנענדיקע־אויגן
די הילצערנע, באַמאָלטע צלמים צוויי,
דאָרפישע שליאַך־קרייצן,
וואָס האַלטן אין איין בודק זיין,
(עס דוכט זיך,)
איינס דעם צווייטן,
ביז צו דעם סאַמע העמד.
צוויי קרייצן,
צווישן זיך
גאָר מאָדנע פרעמד.

אויף איין קרייץ הענגט אַ מוסטער פון אַ בזיר
אין פראָסטן, קויטיקן־געוואַנט,
אַ סטאַליערס זון, אַן אויסגעכאַוועטער אין גליל —
ער בייגט דעם קאָפּ אַראָפּ, אין ליידן, אַ פאַרשעמטער,
באַהאַלט פון גויים אויס זיין יידישלעכע באָרד.
(דאָ האָבן זיי, די גלויביקע, געפונען גראָד
דאָס צוגעפּאַסטע אָרט
אַ ייד אַריינצווואַרפן אינעם ברונעם,
צוערשט געהאַלטן אים גאָר לאַנג, אַ פּנים,
מיטן קאָפּ
אַראָפּ.)

דער צווייטער קרייץ איז גוייש־היימיש,
עס הענגט אויף אים אַ נאַקעטער
דער געטלעכער פאַרשוין.
דער קאָפּ טראָגט שטאָלץ אויף זיך אַ גילדן־רעמל
און פון די האָר ווערט אויך אַ קרוין.
די באָרד, די אָרישע, איז לייכט באַנעצט מיט בוימל
און ליפּן רויטלעכע עס טוען זיך קאַפּריזנע בלאָזן.
אַזוי האָט טאַקע אויסגעזען אַוודאי ער, גאָטס־זון,
וואָס וועט די ערד די זינדיקע שוין מערער ניט פאַרלאָזן.
קען זיין אַז ערגעץ שפּיגלט זיך ביי אים אין בליק
דאָס יינגעלע, דאָס יידישע,
וואָס איז אַרויס אַנומלט פון אַ שמאָלער ליק
און ס'האָבן נאָכגעיאָגט אים אָנגערייצטע הינט.
דאָס יינגעלע נאָך גאָר אַ קינד,
האָט זיך פאַרפּלאָנטערט אין אַ דראָט אַרום אַ פּלויט
און שוין געבליבן הענגען דאָרטן טויט,
פּונקט אין אָט יענעם וואַזשנעם זונטיק,
ווען מ'האָט דאָס אים, דעם קרייץ, געבראַכט צוטראָגן
און הויך אַוועקגעשטעלט, אויף תמיד,
אין מיטן פון דעם פּריצישן מאַיאָנטעק.

דער ווינט האָט שפּעטער מיט אַ געטלעכן געוואָי
אַריינגעטוליעט טיף דעם קאָפּ
אין ייִנגלס בלוטיקער קאַפּאָטע —
און מיטן עק מיט זייִנעם
אַ שמיר געטאָן די לויזע בלאָטע
איבער די פּעטע פלעקן פונעם קרייץ —
און סתם, ניט ווילנדיק, אַ טאַפּ געטאָן, נאָר איין מינוט,
דעם צלם און די אויסגעמאָלטע הענט מיט בלוט.

לאָמפּן אין דער נאַכט —
ווער האָט אייך אַזוי קלויסטערלעך־צעהוידלט
אין חלום מיר אַריינגעבראַכט?

## שטאָטפייערן

פּאָר אַריין אין פייערן פון שטאָט כל־זמן די הימלען טונקלען,
ווייב אַנטבלויזט פאַרשייט איר לייב הפקר ביז די ווינקלען.
מענער לויפן, ווי פאַרסמט, אַוועק פון אַלטן עלנט,
לעקן אויס דעם שוים פון גאַסן לאַכנדיק און קוועלנד.
ליכט שניידט אין אַ וואַסערפאַל אויף „טיימס־סקווער" סינעראַמע,
גאָט דערטרענקט זיך אין תהום — אויף לעצטער נאַכט־רעקלאַמע.
נעגער גלאָצן אין אַ שפּיגל נייגעריק דאָרט צו דערקענען,
ווער האָט זיי דאָס ווייס געמאַכט — און זייערע אויגן ברענען.
קלויסטערס הוידלען גלעקער־קעפּ, מ׳פּראַוועט ישו׳ס אַ מסיבה.
ווערט די לופט מיט קלייבעכץ פעט און מיט אַ שמעלצנדיקער ליבע.
ווייב אַנטבלויזט אויף ס׳ניי איר לייב הפקר ביז די ווינקלען,
תאווה שוואַרצט פון דאָרט אַרויס, ברוסטן זאַפטיק טונקלען.
פּאָר אַריין אין פייערן פון שטאָט אויפן פערדל פונעם עלנט;
וועלט שלינגט זיך אַליין איצט איין לאַכנדיק און קוועלנד.

## אורשטיין

פון דיר כ'בין אַרויס, אורפּאָטער, אורשטיין
און מ'וועט מיך פון דיר אפשר אַרבן.
כ'האָב אין דיר איינגעקריצט דעם געבאָט פונעם מוח
כ'בין גרייט דיר צו לאָזן מיין שאַרבן.
מיך היטן פון טויט ביסטו מקריב זיך שטיין,
פאַר מיר און מיין גוף זיין מצבה,
כ'זאָל אויכעט, מסתם, ווי אַ גרינבלעך געוויקס
דורך דיר זען די וועלט בגניבה.
גרוי דיין אייביקייט, גרוי
און גערונצלט, ים־שטיין —
ס'אַ גראַניטענע שפּור
פון גאָטס ערדיש געביין.
כ'בין פון דיר וועגס אַרויס, אורפּאָטער, אורשטיין
דורך דיר וועלן דורות מיך אַרבן.
צי וועט מען דערגיין צום געבאָט פונעם מוח
ביים זען וואָס ס'אַרויס פונעם שאַרבן ?

# מענטשן גייען אַרום אויף דער לבנה

לויפט דורך אַ סקרוך איבער מיין לייב —
נעכט פליען מיט מיר אין טרייף־פּסולע אַרביטן.
מיין חלום, ביידע אויגן־לעכער אויסגעברענט,
האָט, מן הסתם, מיך אויף אַן אַנדערן פאַרביטן.

תהו ובהו וואַקסט. עבודה זרה.
אַ יעדער אדם איז אויף האַלב אַ חוה,
זיין גוף איז אויסגעלאָשן, קאַלכאויוון־אַש,
איז וווּ־זשע שטעקט אָט דאָרט די תאווה?

די וועלט איז אָפּגעלעבט — און האַלט בלויז פעסט די שווערד.
טראָגנדיקע וואָלקן טוען נאָר מיט פייער שפּריצן.
די טאָוולען ליגן ווי פאַרהאַרטעוועטער קיזלשטיין,
מ׳קען אויף זיי שוין מערער גאָרניט קריצן.

וואַרפט זון אַ בייזן קוק צו ברואים אין דעם תהום
און שיקט זיי צו אַ מבולדיקע וואָראַנע,
נאָר ערגעץ הילכן אָפּ גאָר שווערע, גורלדיקע־טריט.
— — — — — — — — — — — — — —
מענטשן גייען אַרום אויף דער לבנה.

יוני, 1969

## דערגיי

ווער דאַרף דיך האָבן, מענטש, אָט דאָ?
אַרום איז טרערנדיקער שניי
אומעט
תפילה
רחמים
און הימלדיקער ווײ.

ווער דאַרף דיך, מענטש, דאָ האָבן?
אַ שוואַרצער קרייץ שטייגט הויך אַרויף,
אויטאָ־דאַ־פע.
פאַרשליסט אין שאָטן זיך
אַ נזירותדיקער עיגול —
און ביי דעם ראַנד פון שקיעה
איבער אַ וויגל
מאָלט זיך אויס
אַ ברענענדיקער
סנה.

ווער דאַרף נאָך עפּעס דאָ?
ערד און געטלעכע מרכבה
און די פייערדיקע
שרפים
אין אַ ווירבלווינט געדריי.
שאָטנס פאַלן מידע כורעים
אויפן שווינדלדיקן
שניי.

פרעמדער,
בלויז אַ שפּאַן פון זיך אַרויס
טו איצט
און צי זיך שטילערהייט
דאָ אויס.
לאָז דיין אָטעם פריי,
שריי צום לעצטן מאָל
דיין מענטשלעכן געשריי.
דערנאָך
דערגיי.

## ס'האָט יעדער זאַך אַ גרענעץ

ס'האָט יעדער זאַך אַ גרענעץ.
ווי אויסגעברייטערט האָבן זיך אין מיר
דאָך אָט די גרענעצן,
אויך די, וואָס כ'האַלט מיך אין זיי אָן,
ווען ביי די פיס תהומען גענעצן.

איך פרעג דעם פיקנדיקן פויגל:
— וואָס ווילסטו פון מיר האָבן?
ס'ניט קיין פויגל גאָר,
דאָך האַלט ער אין איין גראָבן.

איך זאָג די שטערן:
— מ'קען פון הארצן אייך אַמאָל אויסקערן? —
זיי זיפן, אויף צולהכעיס, זיך נאָך מער אַריין,
פאַרגליווערטע,
פאַרלוירענע גאָטס טרערן.

איך קלאָג צום שטיין:
— כ'בין אַזוי עלנט און אַזוי אַליין. —
ער קוקט פאַרעקשנט מיך אין פּנים אָן:
— טאָ, ווער אַ שטיין. —

ס׳האָט אַלץ אַ גרענעץ.
ווי אויסגעברייטערט האָבן זיך אין מיר
דאָך אָט די גרענעצן,
אויך די וואָס כ׳האַלט מיך אין זיי אָן
אין עמעצן.

## מאד עמקו מחשבותיך

(טיף ביז גאָר זיינען דיינע טראַכטונגען: תהלים, צב־ו)

מחשבות דיינע ערגעץ ווו אין מיר
טוען מיך אַ וואָרף אין מיטן פון דער נאַכט —
קיינמאָל גאָר אַזוי נאָך ניט געטראַכט.
ס׳רעדט אין מיר אַ שטיין —
ער איז ניט אַליין, עס ענטפערן באַזאַכט אים דוממים,
מ׳טראַכט אין ווונקען.
בין איך אַמאָל אַזוי־אָ שטיינערדיק
אין זיי אַריינגעזונקען?
ס׳שפּאַלט זיך אויף פאַר מיר דאָס לייב פון ערד,
אַ שטומער שפּאַלט, דאָך כ׳האָב געהערט.
אַ פייער רייסט זיך פון דער הויט, דער אייגענער, אַרויס.
איז די נשמה ווי אַ פונק פון גאָט די גרייס?
ס׳חלשט זיך אַ ריר צו טאָן דאָס הייטל פונעם תאוהדיקן זיין,
באַרירן כאָטש די האָר די אייגענע — זיי שרומפּן אין אַ חשכות איין.
אַז ס׳איז אַ פייער האָט עס אַלץ פאַרברענט אויף קויל.
געבליבן גליוערן איז בלויז אַ גרינבלעך־שמייכלענדיקע גרויל.
דערמאָן איך זיך אין דער מהומה
אַז כ׳האָב אין האַלדז אַ קול:
שמע ישראל!
און דאָס איז אַלץ?
גאָט,
בין איך פון דיר אַ ווידערקול באָר בלויז,
אָן עכאָ?
מאד עמקו מחשבותיך.

# אין די בליקן

אין די בליקן מיינע ווינקען זיך נאָך איבער
ברוינהויטיקע פּאַגאַנען
מיט רויט באַמאָלענע מאַטראָנעס,
געהוידלט אויף דיוואַנען.

רייסט מיך מיט זייער פּרעך געלעכטער
ביזן באַרג אַראָפּ פון סדום —
עמעצער מיך שליידערט דאָרטן
צו דעם מולך פונעם תהום.

אַ שאַרלעך גרעלער טאַטואירטער
ברענגט מיך הודו מיט קיין כוש —
כאַטש איך פּאָלג נאָך מיין לויה
הייַנטיק ביזן קאַפּעליוש.

# עשׂרת־הדיברות

דונערט־אָפּ אַ דיברה נאָך אַ דיברה פֿון באַרג סיני.
אַ קול אַזוינס האָט דען אַמאָל פֿאַרמאָגט דער האָרן?
זע, ווי פּרעה׳ס קרוין, פֿון קויטיק־גאָלד און גרויען־בליי,
וואַלגערט זיך, אויף הפקר, אין זכרון.
שײַנען אויף די הימלען אין דעם סאַמע מיט פֿון טונקלען,
ליכטיקן אַרויס פֿון שטיינער מיטן עבֿרים־כּתבֿ —
נאָר שפּאָטיש־קאַלט פֿאַרקרומען זיך די ליפּן, ביז די ווינקלען
און שפּאַרט אַרויס דער חוזק פֿונעם ערבֿ־רבֿ.

קוקן זיי אַוועק פֿאַרעקשנט פֿונעם מיזרח, מײַדן אויס עמוד־האש,
וואָס איז דען דאָרט ווידער שוין געשריבן: ערבֿ־רבֿ עלה ורש?

לאָזן זיי זיך, ווי די ביסטרע־בינען, צו דעם לאָקנדיקן מידבר,
מישן אויס זיך, ווו זיי קענען, מיט האַלב־הפקרדיקע פּרויען,
הייבן־אָן פֿאַר ניי־מצרים, איבער ימען ווײַט אַריבער,
אַ פּתם און אַ רעמסס ווידער אויפֿצובויען.

און נביאים זייערע פּילדערן, פֿאַרגלעקערן די אויערן,
ברייען־אויס אַ דיברה נאָך אַ דיברה.
מ׳האָט שוין פֿאַרנומען באַלד אַ האַלבע וועלט מיט טיר און טויערן,
נאָר אַלץ נאָך, נעבעך, שטומפּיק אויף דער עבֿרי.

## די לבנה שקראָבעט

די לבנה שקראָבעט נאָך דעם דאַך,
דער רויך שלאָפט אינעם קוימען,
אין אָרביטן פון מיין בלוט
פינצטערן די רוימען.

וועלט אַוועק פון מיר העט־ווייט
צום מאַרס, צי אפשר ווענוס —
ערד פּלאַנעט געבליבן קליין
קוים וואָס איך דערקען עס.

ערשט אַרויס פון מוטערס טראַכט,
צי אפשר גאָר פון ווייס איך וואָס,
האָסטו געבראַכט מיך, גאָט, אַהער
צו וואָס?

די לבנה שקראָבעט נאָך דעם דאַך,
דער רויך שלאָפט אינעם קוימען —
וואָס זשע וויסטעזוען אויף מיר
נאָך עולמות אין רוימען?

# זאַוערוכע

זאַוערוכע, שפּיליע אויף מיך און פּאַרוויי!
אַלע ווינטן אָטעמען אויף מיר מיט שניי.
אַלע אָדערן צעשפּיזלט מיר דער פראָסט,
אַלע מיינע הימלען האָט די זון פאַרלאָזט.

אַלע ווייסקייטן פאַרדעקן איצט די ערד.
ציטערן ביים טייך די ווערבעס מיט פאַרקרומטע בערד.
בערג פאַרשטעלן זיך פאַר וואָלקן, ווערן אויך אין זיי געראָטן.
ביזן הימל אויף אַ צלם קרייציקט מען אַ שאָטן.

ברענען אין די סטעפּעס אויגן פון צערייצטע הונגער־וועלף.
שדים בלאָנקען, שרייט זייער נפש: פּאָטער העלף מיר, פּאָטער העלף!
רייסט די באַן זיך אויס פון חשכות, כאַפּט אַ שניט פון שאַרפן ליכט.
גאָט קריכט דורך, אַדורך אַ פייער, מיט אַ פּנים אומגעריכט.

און אַוועק, צוריק ווערט פינצטער — און נאָך פינצטערער פון פריער.
שווימט די נאַכט אַרויס פאַמעלעך פון די אַלע בערג אַפיר.
זאַוערוכע, פּאָטאַסקוכע [1], רייס מיך, בייס מיך און־פאַרוויי.
אַלע ווינטן, אַלע ווינטן אָטעמען אויף מיר מיט שניי.

---

[1] זונה.

# בענקשאַפט

שושנהן

שמעקט די בענקשאַפט מיט נאַכטיקן מירט.
זי איז ניטאָ.
כ׳גלעט דעם ווינט אויפן קאָפּ ווי געריירט:
— זוכטס אויך דו?

ערגעץ ווייט איז דער ים פול מיט הימל,
אפשר דאָרט.
אַלע קולות פאַרכאַפּט אין אַ דרימל
כ׳הער זי פּאָרט.

קוקט זיך אום, טוט אַ פרעג:
— בענקסט אויך דו?
ווינט די שיף פון צעשויבערטע טעג
האָט פאַרשלעפּט צפון צו. . .

שמעקט די בענקשאַפט מיט האַרבקייט פון מירט.
— ווו זשע ווו?
כ׳קוק דעם ווינט אין דעם מויל, ווי געריירט.
ניט. ניטאָ.

# לי־טיי־פּאָ

לי־טיי־פּאָ,
פּאָעט און שטערן־שלינגער,
מיינסט, אַז כ׳בין ניט שיכּור
איז מיר אפשר גרינגער?

די נעץ פון דער לבֿנה
קוקט אינעם וואַסער אויס הייַנט טיפער,
דו טרענקסט זיך דאָרט — און ס׳וויגט זיך מיט
דיין שיפל, אַן דעם שיפער.

עס זינקט אַהין מיין אָוונט־גאָלד,
אַ קראַנקער זון־פאַרגאַנג, —
עס בלייבט אין ליד אַן אָטעם בלויז
פון קוים דערכאַפּטן ווידערקלאַנג.

און כ׳טרינק מיך אַן מיט דיר אין מיר,
מיר ווערן ביידע שיכּור —
צי ס׳איז געוואָרן גרינגער אונדז
איז באמת נישט דער עיקר.

# פאַנטאַסמאַגאָריע

די נאַכט קאָכט אין אַ טרייפן טעפּל אויס דעם טאָג,
גיסט שפּאָרעוודיק אַ טראָפּן מילך נאָך צו, ר׳זאָל ווייסער ווערן.
מיין אויג ווערט מיד און זוכט אַ ווײלע אויפן ראָג
צו קויפן דאָרט אַ כשר שנירל שטערן.
די מאַמע זעט אויס גרויס און בייגט די וועלט איין צו מיין בליק
מיט רויש פון וואַלד און אַ פאַרפלעקטן האַלבן הימל.
דאָס דאָרף שמעקט רוי — און גויים זעען אויס באַוואַקסענע ווי מאַנדריקס ציג,
זיי קנייפּן שטיקער קאָרנברויט באַדעקט מיט סימענע און קימל.
דער טאַטע עפּנט אויף אין קראָם צוויי שפּיגל־לאָדן, אַנגעמאָלט, ווי להבדיל, זייערס אַ קלויסטער.
ס׳ציט מיך נאָגנדיק צו זיי און טויזנט זונען דרייען זיך מיט מיר ארום אַ שטריק.
כ׳שטרעק קינדעריש אַרויס אַ פוס, ס׳זאָל אַנמעסטן מיר באַלד אַ ריזנשוך נחמיה שוסטער
און כ׳שפּאַן מיט אים אַוועק און שפּאַן — נאָר עפּעס שלעפּט ער, שלעפּט ער כסדר אויף צוריק.
כ׳קום ווידער אָן צום בעט. די זונען אויסגעלאָשן שוין. איך זע: אַן אַנדערער איך ליג.
די גויים האַלטן מעסערס איבער מיר, צי ס׳דוכט זיך נאָר אַז עמעצעו׳ קומט קוילען.
דער ווינט איז בייז און ווישט דאָס בלוט זיך אָפּ און ס׳רינט אויף מיין געניק,
די בינען בייסן זיך, דעם האָניק האָבן זיי פון זייערע בייסערלעך פאַרלוירן.
די נאַכט לאָזט אויס איר כעס צום טרייפן טעפּעלע פון טאָג.
די מאַמע האָט איר טעפּל אויך צעבראָכן, דאָס פלייש קען מילכיק ווערן.
ס׳האַרץ איז ליידיק, פּוסטעוועט אַרום, כאָטש הענג עס אויפן אַלטן ראָג
און ביליק וואַלגערן זיך אין רומל אום אַ כשר שנירל שטערן.

## ביינאַכט

פאַרשטעלט מיט שווערע צלמים אויף פאַראַדנע ווענט,
זוכט שטאָט אַרום דאָס גליק מיט תאַווהדיקע הענט —
און פון אַ דראָט,ביים לעצטן נאַכט לאַמטערן,
ס׳שטרעקט דער ווינט זיין האַלדז צום שטויב פון ווייטע שטערן,
ווו וועלטן האַלטן אין איין חרוב ווערן.
ס׳שלאָגט אַרויס אַ קעלט פון טיפע קעלערס און פון סקלעפּן.
ס׳טאַליאָפּעט זיך אין בלוט אַ ווונטש — ניט אויסצושעפּן!
נאַכט קריכט אין נאַכט אַריין, נאָר אין חדר אויף שפּאַלירן
חצות טוט ס׳לעצטע העמד, במחילה, באַלד פאַרלירן.
און פון אַ דראָט, ביים קרומען ראָג לאַמטערן
ס׳רופט דער ווינט די גולמדיקע שטערן.
ווער וועט אים ענטפערן? ווער וועט אים הערן?

# בלינדע

בלינדע פירן מיך
ביז צו דער סאַמע גרענעץ פונעם זען:
פון דאַנען גייסטו שוין
דיין וועג אַריבער
איין־אַליין.

זיי לאָזן זיך צוריקגיין
מיט דער הילף פון רוקן
און טראָגן אויף די פינגער־שפּיצן
מיט זיך מיט
דעם צימצומדיקן כּוח צו קוקן.

די וועלט בלייבט פאַר מיין אויג
גאָר הפקרדיק־צעכראַסטעט, אָפן.
נאָר וואָס־זשע האָט זיך עס אַזוינס
מיט מיר אָט־דאָ געטראָפן?
איך פיל ווי יעדער זאַך באַהאַלט זיך אויס
אין גרעלע, פאַרביקע־שפּאַלירן
און יעדער דומם איז אויף טויט צעקריגט
מיט זיינע אייגענע קאָלירן.
עס שטרייפן שטעכעדיק דאָס אויג
און בלייבן איבער אַ געגנאַר
די פאַלשע פאַרבן —
זיי לאָזן דאָך אַפילו ניט דעם באַגנדיקן צער
אין שפּעטער־שקיעה רויק שטאַרבן.

דער שטח שמעלערט זיך אַ רגע איין
און ברענגט צוריק באַלד צום אַרום
דאָס אַלץ וואָס איז צו אים אַריין —
נאָר דער באַשאַף בלייבט אין מיר בלויז
אַזוי ווי מיינע אויגן זיינען
אדם גרויס.

איז וואָס זשע קען אַן אויג, מישטיינס געזאָגט,
שוין זען —
אַז זיינען זיינען מיר, צי ווייסטו דאָס ניט, גאָט,
פּחדימדיק אַליין.

טו איך אַ קוק, אומישנע, אויף צוריק און זע:
די בלינדע זיינען שוין אַוועק
גלייך ווי אַ בלאָנדזשענדיקער שאָטן —
און זיינען אָט־אזוי משונהדיק ביז גאָר
איצט אין דער נאַכט געראָטן.
זיי טראָגן אויף די שפּיצן
פון העלזעערישע־פינגער
דעם כוח טיף אַריינצוקוקן —
און איילן זיך
דאָס בלינדע־זעען זייערס
און זייערע אָפּגעהיטע גופים
פון אָט דער וועלט דער ליידיקער
אַ מהלך ווייט
בשותפות אָפּצורוקן.

# אַבסורד

— נאַקעט איז דער מענטש
און גאָט איז נאַקעט,
אַ פּינטעלע די ערד
אין אין־סופן פאַרמראַקעט —
כה אמר, אָט אַזוי געזאָגט
דער נביא פון אַבסורד.
ער לאָזט אַריינוואַקסן
דעם מוח
אין דער באָרד.
בלעטער פאַלן.
האַרבסט צעווייַנטלט זיך אַרום.
עס בייסט אַ שעה.
ס'אי בלאָטע.
מ'שטייט, מ'הערט, מ'וואַרט
אויף גאָ־ד־דאָ.

ווענט קראַצן זיך אין ווענט
און טיף אין דער נשמה —
נעמט מען אָט־אַזוי
אין זיך נקמה.

נאָר ס'בייסעניש איז בלינד
אין נעגל עס פאַרשווינדט.

פונעם הימל בלאַנקט,
ווי שאַרף פון שטאָל,
די שניידנדיקע שדי'ס שווערד.

אומעט
קריכט אוועק אַ בלויער פון דער ערד
און טוליעט זיך אַ רגע לאַנג
ביים ראַנד פון אייביקייט.
גאָט,
דיין איז דער באַשייד!

און ביים אַבסורד גן־עדן
פּלאָנטערט אומבאַהאָלפן זיך
אַ ציגעלע
און מעקעט:
יאַנעסקאָ, אפשר בעקעט?

## יעקב חלומט אויף א שטיין

די אַסטראָנאַטן
לאָזן, שוועבנדיק, זיך פון א לייטער טיף אַרונטער
און שטייגן אויף דער לייטער צוריק אַרויף —
נאָר עפּעס פעלט דאָך אויס אויף זייער געמעל:
יעקב זעט דאָ ניט דעם טויער פונעם הימל
און ווער וועט אָנרופן דאָס אָרט: בית־אל?

עס האַלטן־אויס די פרעמדע היץ די ערדישע מכשירים,
וואָס האָבן די לבנה פּליער מיט זיך מיטגעטראָגן
און פּראַוועז ווייטער זייערע סעודות די מיקראָבן,
וואָס לעבן נאָך פון בראשית־אָן אין אדמס מאָגן.
נאָר ערגעץ אויף דער ערד עס שטוינען מיליאָנען פרומע:
צי האָט מען ניט געפּרוווט פון זיי זייער גאָט פאַרנאַרן?
פּיקט אַ חשד אין מוח און וועקט־אויף הונדערטער דערשרעקן
און טרייבט צום חלום בייז שוואַרצרוחות און קאָשמאַרן.

דער מענטש האָט דרייסט אריינגעשטעקט אַ פוס אין שטערנדיקן קאָסמאָס.

קוואָ וואַדיס, דאָמינע?
צי ווּעסטו אויפן וועג צו נעפּלדיקע ספערן
געפינען כאָטש אַ צווייטן ברענענדיקן סנה?

נעם דיר אַהין די לייטער מיט,
ס'איז גוט פון איר צו זען:
בית־אל, א נאַכט אויף אייביק
און יעקב חלומט אויף א שטיין.

## MEMENTO MORI

דורך דעם געוועב פון אונדזער שפּילעווודיקן רעדן
עס רייסט זיך דורך, אַמאָל, דער קאַלטער ווינט
פון טויט —
מיין זוניקע
שושנה,
בלאָנדע מויד.

אין אונדזער שטיפערישער נעץ
פון ווערטער אַלערליי
עס פאַלן לעבעדיק אַריין
העל־גרינע שטערן,
כאָטש ערגעץ אין דער ווייט מ׳האָט זיי, מן־הסתם,
מיט יאָרן פריער שוין אויסגעלאָשן —
זיי בלייבן פלעמלען לאַנג, זייער לאַנג
מיט ציטערדיקן־בלוי
ביי דיר אין לשון.

אין שוואַרצן אָטעם פון די נעכט
און הפקר פון אַרום
ווײַנט גאָט נאָך אַלץ
אויף חורבות פונעם לעבן?
פאַרלעש ניט אין דיין אויג,
אַפילו ניט פאַר אים,
דעם גאָט פון שטאָל,
דיין תמימותדיקן גלייבן.

הער איין זיך.
אין אונדזער שווייגן
פירט־מיט די ליבע,
צו דער אייביקייט,
מיט זיך
דאָס בלינדע בענקען —
די ווייסע פרייד
האַלט אין געדענקען
דעם טונקלען אומעט
פון דעם רופנדיקן האַרן:

## MEMENTO MORI

וואָס פאַר אַ פאַרב בלייבט פונעם טויט
ביי אונדז אין דעם זיכרון?

## ס'טאָגט

פיבערן די קראַנקע אויגן מיינע,
ווי א צעווינטעלטער לאַמטערן
און פילן: עס רוקט זיך־אָן אויף זיי
דער ביינערדיקער שטערן.

אַ גלעזערנער געבראַזג פון פענצטער —
עס טראָגט־זיך ערגעץ ווו אַ שטורעם.
אומרו רייסט דערווייל דאָס האַרץ אַרויס
פון ניט פאַרשאָטענע משפחה־קברים.
טשעפּעט זיך אַ וואָגלליכט
פאַרטשעפּעט זיך אין טויערן,
אין אַ יתומל ביים ווינקל־הויז,
אין אַ הונט מיט אויערן.
טרויער ציטערט אין אַ שאַרפן פייער־פינטל,
לייגט אַוועק זיך מיטן פייער לעבן קינד
און לעבן קליינעם הינטל.
דער הימל, אַ צערודערטער, שניידט טיף זיך איין
מיט לאַנגע, שאַרפע בליצן —
און בלייבט אַזוי צעשניטן, בלאָ
און מיט אימהדיקע קריצן —
עס לויפט אַוועק פון אים איבער דער וועלט
אַ שאָטן א צעבליצטער —
וואָס פאַר אַ תפילה טוט די קעלט?
וואָס פאַר־אַ שחרית זאָגט־מען איצטער?

נעמט מיך־אָן די ווייט און לאָזט אַוועק זיך ערגעץ ווו,
ווער ווייסט וווהין? —
נאָר עס גייען מיט איר מיט
אי גאָט, אי מענטש, אי שאָטן,

די סאַמע בייזקייט פּרוווט זיך אויך צו גיין —
און אין דער זילבער־מוטנער
סומנקייט
עס בלייבט מיר אויך קיין ברירה ניט
און איך גיי פון זיך אַליין
אַוועק.
ס׳אַ שאָד,
נאָר איין מאָל מוז עס נעמען דאָך
אַ סוף,
אַן עק.

שלייכט זיך, אין דער זייט,
אין קאַלטער־פרעמד אַרייַן
די פרייד
און עפּעס גלעט זי מיך אַזוי,
אויך ווען זי גייט.
דראָבנע־דראָבנע פּויקט איר־נאָך
אַ פּויק און פּויקט.
אומעט נאָגט.
ס׳טאָגט.

## אַן אָוונט נאָך...

אַן אָוונט נאָך א הוילער קריגערײ
מיט זיך אַליין.
דער זײגער פוילט זיך אונטער אינעם גיין.
דער שפּיגל קוקט קאַלטבלוטיק
צום חלשותדיקן ליכט —
ער טוט זײַן פליכט.
די לאָמע שפּאַנישע קאָמאָדע
נעמט ניט אונטער זיך אויף לאַנג
צו טראָגן נאָך די בילדער,
די אַלטפרענקישע,
אין קרומע ראַמען,
ווײַל פּנימער און שאָטנס גענעצן דאָרט
אומעטיק אַרום צוזאַמען.
און אויף די באַלקנס הענגען
אָפּגעחלומטע חלומות,
יעדער אין זײַן אייגן שטייגל אײַנגעשפּאַרט.
פאַרפאַלן שוין —
דאָס לעבן האָט דאָך סײַ ווי
אַלעמען בלויז אָפּגענאַרט,
טאָ בלײַבט ניט איבער מער
ווי נאָר דאָס אויפהענגען זיך גלײַך
אויף זיך אַליין —
און איבערבעטן זיך
מיטן געוויין.

# וואָס זשע ווילסטו פון אונדז?

וואָס זשע וואַשט מיר אויס דער טרויער
אויף די וועגן,
רעגן?
הימלען הענגען ווי אַן אָנגעבלאָזן העמד —
פרעמד.

גאָט צעפּליקט די פּיצלעך כמאַרעס,
ווי אַ בייזער זקן.
זעצט די זון זיך צווישן לעכער,
ווי אַ קוואָקע קוואָקן.

רויטע שיינען, ווי מיט שאַרף פון שווערדן,
צלמען אַרום דעם ווינט
און חצות
האַלב בלינד
פאַרשלאָפן
וואַשט שוין ווידער אויס די וועגן
מיט אַ שוואַרצן רעגן.

פינצטערט סתם און קוקט דער טרויער
מיט אַ קאַלטן שפּאָט:
— וואָס זשע האָסטו צו אונדז,
גאָט?

# נאָך אַ באָמבאַרדירונג

טאַפּסט, ווי אַ גנב, אָן די טיר
פון הויז —
און, דוכט זיך, קריכסט פון זיך אַרויס.

קוקסט שרעקעוודיק אַריין אין שטוב.
ס׳עפנט זיך, אין מיטן דיל, אַקעגן דיר
אַ גרוב.

בייסט זיך איין פון הינטן
אין דיין קאַרג
דער ווינט —
שאַטנס ווערן בייזע הינט.

שטרעקסט קרומערהייט צו זיי
די האַנט —
ס׳פעלט דאָ ערגעצווו אַ גאַנץ שטיק
וואַנט.

זוכסט מיטביידע פיס אַ שטעל
אויף דער ערד —
ווו?
דער הימל איז איבערגעקערט.

## ווערטער

כ׳שרעק מיך, גאָט, אַזוי פאַר ווערטער
פון נשמות ערטילאין, —
אָפּגעריסן פון די ערטער
זוכן זיי אין מיר
צו וואָיען.

אפשר אָנרייצן זיי היינט
אויף אומות,
וואָס טוען יעקבן אויפפרעסן —
צי אויף זיך, אל פון נקמות,
ווייל כ׳האָב דיך
כמעט פאַרגעסן?

צי גאָר איינשפּינען
מיט זיי זיך
אין בלויז בלאָע־אומעט לידער?
טאָג ווי נאַכט, ווען, גאָט,
דו שרעקסט מיך
וואָיען זיי מיט מיינע גלידער.

## קאַלירטער מאָן

אַ מלכותדיקע שטילקייט אין מיין הויז
אין מיטן העלן טאָג.
די זון איז פון קאַרניז צוביסלעך
אויף אַ בילד אַראָפּ,
איר שטראַל פאַרלוירן האָט די וואָג.
דער שפּיגל האָט געלאָזט זיך אויפן צימער,
גרייט עס איינצושלינגען —
נאָר עס וועלן זיינע קונצן היינט
אים בלויז אויף האַלב געלינגען.
די אויגן מיינע, רויטע נאַשערקעס, ווי פלינקע קעץ
לויפן אין דער וועלט אַוועק
צו טאָן דאָרט, ווו מ׳קען, אַ לעק —
ברענגען זיי לעבעדיקע שטערן מיט זיך מיט צוריק,
מיליאָסן ליכט־יאָר אַלט —
צי סתם אַן אויסגעדאַכטן, הוילן פלעק?
עס ענטפערט ניט דער הימל,
נאָר פאַרדרייט זיך אויף אַ הוידלענדיקן שטריק.
נעצן גילדענע שלעפן זיך אַליין פון אַ תהום אַרויס —
ווייזט אויס,
עס הייבט זיך דאָרט דאָס לעבן ווידער אַזוי אָן.
און ס׳מערעשטשעט זיך מיר אומקלאָר
מיט אַ שאָטן פונעם טרויער אין געפיל,
אַז ווערסטן, ווערסטן וויט, העט־העט,
צווישן אונדזער טאָלעקע און גוימס מיל
צייטיקט איצט אוודאי איבער מיר
און מיין פאַרברענטער, אַש־באַדעקטער היים
קאַלירטער מאָן.

# צעפּיעשטשעט ליד

קריג זיך ניט אַרום מיט מיר אומזיסט, צעפּיעשטשעט ליד
דער אומעט קען אין דיינע לאָגלען זויער ווערן —
איך האָב דאָך נאָר געוואָלט דערהערן הייַנט מיט דיר
וואָס האָבן ניט דערשעפּטשעט אונדז די שטערן.

דו רייצט מיין אומרו אויף און ווילדעוועסט אין בלוט,
צעבערעכסט אַברהמס האַק, אין מיר, אויף תרחס געטער —
דער שטורעם טראָגט זיך אָפּ. עס וויאַנעט געל דער טאָג
און שימלען אויף מיין קאָפּ די אויסגעטראַכטע לאָרבער־בלעטער.

נוקמט זיך אין מיר דער ווינט און דראַפּעט מיר אַן אויג,
ווייל איך טראָג פון אים אַוועק מיין שעפּעלע, מיין טרויער —
ווי וועל איך זיך דערשלאָגן איצט דערמיט צו מיר אַהיים
אַז שטייען שטיי איך אַ פאַרשעמטער פאַר דיין טויער.

## תנצב״ה

די שוואַרצע עגלה פירט אַוועק דעם טויט —
צוויי ביימער ציטערן אַריין אין סאַמע מיט פון ציטער.
אויפן בית החיים
פאַלט אַראָפּ אַ קאַלטע טרער
בלייבט אויף מיין ליפּ
געזאַלצן ביטער.
דרייט אַריין אַ ווייטער שטיין זיך אין דער ריי,
פילט אויס אַ ליידיק אָרט אין קברים שורה.
ער קוקט צו מיר
פאַרחלשט בלייך:
ביסטו עס ניט אָט דער...?
און וויל אַרונטערשלעפּן
מיך
אין גרוב, וואָס האָט געטאָן זיך אַ צעעפן —
נאָר איך קריך בנס אַרויס,
כאַפּ קוים דעם אָטעם לויפנדיק אַוועק
און האַלט אויף גיך אין טרעפּן:
ווער,
ווער האָט דאָס אָרט אָט דאָרט פאַרנומען?
ניטאָ גאָר אויפן שטיין קיין נאָמען.

## צו וואָס דאָס שטאַרבן?

כדאי דאָס שטאַרבן, יידישע פּאָעטן?
פאַרטראָגן יידיש
צו אַ „יענער וועלט"?
עס שרעקן טעג,
אָן אייך,
ווי קברים —
מיט אַ ווערעמדיקער קעלט.

צו וואָס דאָס איילן זיך,
צו וואָס, פּאָעטן?
פאַרלאָזט ניט אונדזער
ווינטיקן געצעלט.
שטעלט־אָפּ די זון
אַ ווייל
אין גבעון,
לבנה —
אין אַילון פעלד.

בונטאַרער נאָכוווקס
ערב שטורעם,
איר,
בלאָע יונגען, —
וואָס גלוסט איר זיין, וואָס?
קבר אָבות?
כאַפּט־אָן די קרנות המזבח
און מיידט אים אויס
דעם מלאך־המות.

מיט דביקות טוליעט זיך צום זינגען.
ס'אַ אומרו ווי ביים תיקון פון חצות.
ניט שוין־זשע ליכטיקט דער פרימאָרגן
אין נייעם, קוים געאַנטן, אות?

## אַ זיי געזונט דיר, וועלט!

עס מערן זיך די דורכבראָכן אין מויער פון די טעג.
דער טויט אין בלוטיק רויטן וואָגן האַלט שוין ביים געווינען דאָס געיעג,
פאַלן אין אָקאָפּעס רעשטלעך פון זכרונות ערשט אַנטלאָפענע פון שלאַכטפעלד.
אַ קרומער האָרן בלאָזט אויס אומעטיק אַ תפילה צו דער זוניק־בלאָנדער וועלט.
סאַראָן עבירה גראָד אַצינד זי צו פאַרלאָזן!
דאָס האַרץ גייט אויס און זאָגט עס אָן אין בלאָזן.
די נשמה האָט אין אָנמאַכט שוין דערשלאָגן זיך צו אייביקייט.
אַ זיי געזונט דיר, צייט!

## מיין אומעטיקער שאָטן

פאַל אויף דיין פנים, שלעפּ מיך
צו דער ערד אַראָפּ,
מיין אומעטיקער שאָטן —
אײדער וועסט מיך אויף פאַרראָטן.

האָסט שוין שטיקער פון מיר אויסגעריסן,
מיט זיי די וויטן אויסגעפאָרן —
דאָס פנים מיינס, אָן דיר,
איז גאָר קיין פנים ניט געוואָרן.

די הימלען זיינען אויך, אין מיטן דרינען,
פון דערשטוינטן קאָפּ אַנטרונען —
פון וועמען קען מען זיי
היינט אָנהייבן צו מאָנען?

פון דער ניט־אויסגעשיכורטער נאָך שיכרות?
ניט אויסגעשלאָפענעם אורשלאָף?
דער ניט דערדאַוועגטער העלפט תפילה זכה?
צי אין־סוף, וואָס ער מאַכט פון מיר אַ סוף?

פאַל אויף דיין פנים, לייג מיך
דיר צופוסנס אויף דער ערד,
מיין אָפּגעפרעמדטער שאָטן —
מ׳האָט אונדז, מן הסתם, ניט גוט צונויפגעקנאָטן.

## האָסטו שוין אויסגעמאָסטן מיך?

איך האַלט אין פֿאַלן פֿון דער לעצטער טרעפּ פֿון טעג —
מײַן נאַקעטקייט פֿאַרבלײַבט מײַן אײנציקער פֿאַרמעג.
ס׳לעקט אַרום מיך נאָר די פֿײַערדיקע צונג פֿון אדומס גיהנום.
װער ברענט אין אים — אַז איך פֿאַרברען אים?

איך פֿיל אין מויל די ביטערקייט פֿון זאַלץ אין װאַסערדיקן טעם.
זעט אויס אַז איך שװים אויף לעצטער טרעפּ אין טיפֿעניש פֿון ים —
די זון פֿאַרלירט זיך אין אײנעם אויג פֿון טויט, אין שלונג פֿון לויתן.
האָסטו מיך, אײבערשטער, שוין אויסגעמאָסטן דאָ מיט אַלע מאָסן?

## די פֿיל

מ׳האָט פֿאַרמאַכט פֿאַר מיר די טירן,
אַלע טירן מ׳האָט פֿאַרמאַכט —
װאָס־זשע האָבן טירן
זיך געטראַכט?

מ׳האָט פֿאַרריסן אַלע בעזער,
אַלע בעזער הויך פֿאַרריסן —
בעזער
האָב איך קײנמאָל ניט געביסן.

מען איז אַרײַן אין ים פֿון שװײַגן,
אין אַ ים פֿון גיפֿטיק שטומען —
גאָט, װוּ האָבן אָט די גיפֿטן
זיך צו זײ גענומען?

— — — — — — — — — — — — — — —

כ׳האָב מיר שטיל אַ גלעט געגעבן,
מיר אַ גלעט געגעבן שטיל:
זאָלסט ניט אָנפֿלאָדיען קײן מענטשן
האָסטו דאָ אַ פֿיל.

## פון וואַנען נעמען זיך צו מיר אַזעלכע רייד?

גראַבלט זיך אַריין אין מיר די נאַכט
מיט אירע שוואַרצע נעגל:
— ביי מיר דו זעסט איצט אויס
ווי יענער אומלייט,
אַ חוטא בעגל,
אַ דור אָן גרענעצן, אַ פּאָלנע מידבר.
דער מבול וואָלט זיך אויך מסתם געמיאוסט
ווען ר׳וואָלט באַדאַרפט היינט איבער דיר אַריבער.
וואָס האָסטו דען דיין אייגנס, זאָג,
דעם הונגער פון דיין מין?
צי ביסטו ניט אַ כופר אויך דערין?
וווהין־זשע וועסטו זיך אַהינטאָן
אינעם גרויליקן סוף־סוף?
צי האָסטו כאָטש אַ זאָמען ערגעצוו פאַרזייט?

פון וואַנען נעמט די נאַכט אַזעלכע רייד?

איך זאָג צום קינד:
— דו לעבסט צעקריגט אויך מיט דיין אייגענעם אַצינד
און ביסט אַפילו ניט קיין חוטא בעגל.
ווען ניט קיין האַנט־וואָס דאַרפסטו זיי, די נעגל?
דו ביסט אַ דור אָן גרענעצן, אַ מאָדנער מידבר.
וויפל איז דען פונעם מבול איבער דיר אַריבער?
איז וואָס זשע גרייסט דו דיך אַזוי אַצינד
מיט אָט דעם ביסל תאווה פון דיין מין?
זאָל זיין אַז ס׳האָט שוין ניט בכלל ביי דיר
קיין מאָס און זין?
און גייען גייסטו בלויז אַ יעדן אײנעם נאָך וואָס גייט?

ווו נעמען זיך צו מיר אַזעלכע רייד?

# שוואַרץ-ווײַס

ס׳האָט מײַן ליד זיך אָנגעשטעקט מיט סעקס,
זײַ מוחל, מײַן פּעדאַנטער לײענער,
ס׳איז פֿון גאַס אַזאַ רעפֿלעקס,
קריכט אַרײַן טיף אין די בײנער.

אַנומעלט אין אַ פּאַרק, בעל־כּרחודיק, געזען
אַ נעגער און אַ מײדל מיט אַ װײַסער הויט —
װער האָט דאָרטן, אויף אַ שפּאַס, צװישן זײ
אַראָפּגעשלעפּט דאָס קלײד הינטער אַ פּלויט?

אין דער פֿינצטערניש, מיט אַ דערשטיקטן ברום,
אַ לאָז געטאָן דעם שוואַרצן כּוח צו געניסן.
שׂנאה האָט אַרײַנגעשפּילט צו דעם אַרום,
אַוודאי אויך די ליבע צו פֿאַרדריסן.

אײנס אין צווײטן אײַנגעביסן ביזן בײַן,
הימלאָז זיך געוואָרגן אינעם פּאַרק.
מיט אַ װוּנד שוין פֿון געבוירן אָן,
קינדער אויף דער װעלט דאָ קאַרג?

ס׳האָט מײַן ליד זיך אָנגעשטעקט מיט סעקס,
זײַ מוחל, מײַן פּעדאַנטער לײענער —
בלויז פֿון גאַס אַזאַ רעפֿלעקס,
וואַרפֿן עס אויף מיר די שטײנער.

# הגר

## א

הגר טראָגט נאָך אום איר קריגל
אין דעם יידישן געמיט—
ווייטיקט מיט מיט איר דער מדבר
אין אַ מיצריש טרויעריק ליד.

פלוצלינג שאַרפּט זי אָן די אויגן,
קוקט אַריין אין טיפן ברונעם:
וואָס זשע האָט זי דאָרט געפונען
חוץ איר אייגן הגר־פּנים?

וואָס אַ שטייגער דאָרט דערזעען?
אַז דאָס פּנים ווערט אַלץ גרעסער
און ווי פיל זי זאָל ניט טרינקען
דאָרשטיק מערער נאָך איר מעסער.

און אין איינעם מיטן מעסער
דאָרשטיקט מער אויך דאָס געמיט —
ווייטיקט אויס מיט איר דער מדבר
איר פאַרבלוטיקט מיצריש ליד.

פירט אַוועק גאָט אַלע הימלען,
קוים מ׳זעט זיי דורכן סכך —
און פאַרוואָס אַזוי צעלעכערט?
דאָס פאַרשווייגט אונדז דער תנ״ך.

ב

דער מדבר שרעקט —
ביז הגר ווערט אַנטשלאָפן
און חלומט:
זי איז שרה
און הגר מיט אברהמען
איז אַנטלאָפן.

זי לויפט זיי נאָך
אויפפלאָנטערן דעם פלאָנטער,
נאָר ווייס איך וואָס,
אברהם, ווען זשע דערמאָנט ער?
שטייט
און טייטלט מיט אַ פינגער
אויף איר פנים.
וואָס־זשע טרעפט ער
כסדר נאָר אַריין אין חלום
און צעקלויצעט דאָרט דעם ברונעם?
זי כאַפּט זיך אויף
און קען שוין מער ניט שלאָפן,
נאָר הייבט היסטעריש־אָן
צו ווײנען, לאַכן,
ישמעאלן צו שטראָפן —
און אָן אַ פאַרוואָס, פאַר ווען
פאַרבענקטערהייט
צו האָפן.

## פאַר צייטנס

ס׳פרישט דער טייך, אַ פרישקייט פון פאַר צייטנס,
אַזוי ווי פון נהר פרת און אפשר גאָר חידקל.
די זון שטופּט שמייכלענדיק אין שטראָם אַריין
אַ קיילעכדיק פאַררייטלט בעקל.
דער ווינט פאַרלירט די בלויקייט אין דער ווייט
און זילבערט אויף די רויגן פון די פיש —
און אין אַ קעסלגרוב דערטרענקט זיך שווער אַ מענטש;
דאָס שטאַרבן איז נאָך אויכעט פריש.
אַ שאָטן פלעקט זיך אויפן קיילעך פון דער ערד —
ער גרייט זיך ערגעצווו אַן אָרט צו אין געהיים.
דער בורא גרייט זיך אויכעט עפּעס וואָס צו טאָן,
ער זוכט אין מענטש אַרום פאַר זיך אַליין אַ היים.
דער טאָג איז רויט, דאָס פּנים אָנגעגליט,
ער איז אַלע בערג שוין דורכגעקראָכן,
ר׳איז גולם לאַנג, נאָר אָן אַ טעם —
מ׳עט באַלד פאַררוקן אים אין מיט פון אינדערוואָכן.
נאָר פּלוצעם צינדט זיך אָן ביי אים אין אויג אַ ליכט;
ער וויל שבת זיין, שבת שבתון,
עס מוז וויסן גאָט, ר׳האָט אויך אַזוי די שבת־רו אַמאָל,
נאָך בראשיתדיק, גאָר בראשיתדיק גענאָסן.
זוכט טאָג זיך אויס אַ מענטש, אַ פּרא אָדמל ביז גאָר,
וואָס שלינגט גן־עדן אויבסט און לויפן לויפט ער נאָך נאָך חוה׳ן —
און לייגט אַרויף די הענט אויף אים מיט לויטערקייט אין אויג:
גענוג צו לויפן שוין, גענוג צו האַוועָן!
איך וועל אין בלוטן דיר אַריינריזלען אַ ליכט, יהי אור,
אַ יום־טוב ליכט מיט ציטערדיקן תענוג פון פאַרגיין.
וועסט אָנהייבן אין שבת־גוסט די וואָך דערפילן,
וועסט אָנהייבן אין שבת אויך דעם טויט פאַרשטיין,
וועסט אָנהייבן אָן אומרו אין זיך אויסצוכאָוועָן —
סך הכל ס׳איז דיין אומבאַהאָלפן יאָגן זיך נאָך גליק.
וועסט ווילדערהייט פאַרמעסטן זיך תהומען אויסצוגראָבן,
מכלומרשט איבערוואַרפן איבער זיי אַ בריק.
וועסט נעמען פאַרן טויט זיך שרעקן, חלילה ניט פאַרווישט צו ווערן —
און בלייבן וועט דיר אָדמל דערפון אַ נאָמען.

סיי ווי ס׳יי צו שפעט, חרטה איז אומזיסט,
דו האָסט שוין גאָט צו זיך אַהיים אַריינגענומען.
— ס׳פרישט דער טייך, אַ פרישקייט פון פאַר צייטנס,
קען זיין ווי פון נהר פרת און אפשר גאָר חידקל.
רוימט איין די זון אַצינד אַ יעדן שטראָם דעם סוד —
איז קומט איר אויך דערפאַר אַ גלעט איבערן בעקל.

## לאָז מיך ניט מיט גויים זיך אויסמישן

שוין וויפל מאָל האָט משה זיך און ביידע לוחות דאָ צעבראָכן,
איז וואָס־זשע איז ער מיט די אויגן נאָך די שערבלעך זייערע נאָכגעקראָכן?
אַ זאַמדווינט האָט געבלאָזן אַרום אים, גרייט די שפורן זיינע צו פאַרווישן.
— גאָט, — האָט ער געשעפטשעט, — לאָז אונדז ניט מיט גויים זיך אויסמישן.

כ׳בין גלייך ווי זיי, אַ כושית איז מיין ווייב
און ווי ביי דעם המון, עס בונטעוועט זיך בייז מיין לייב,
נאָר אויף די אָרעמס מיינע טראָג איך לוחות.
אל אלהי הרוחות,
לאָמיך זיין אַ האַר אויף מיר —
גראָד ווען איך גלייב אין דיר.

לאָז הייליקן דאָ כנען.
איך ווייס עס איז אַ לאַנד אַזאַ אין מיר פאַראַן —
כ׳באַדאַרף ניט הערן דאָס ערשט פון מרגלים.
דאָרט זיינען זיי די ריזן, די נפילים, די קדמונים,
פון הימל דורך דער זינד צו אונדזער ערד אַראָפּ.
איצט שמעלצן זיי זיך פייערדיק צונויף אין יעדן איינעמס טאָפּ.
לאָז מיך, אייבערשטער, שוין ביזן סוף דעם ביטערן, מיט זיי זיך ראַנגלען —
ערגעץ וועל איך, אָט אַזוי אַ בלוטיקער, צו דיר אַמאָל דערלאַנגען.

גאָט פון מיינע תּעלער,
כ׳האָב פרייהייט אויסגערופן פאַר די קנעכט —
געווען גערעכט?
וואָס האָט אַ שקלאַף פון פרייהייט,
גאָט?
פרעסן? ווערן זאַט?

גאָט פון הונגער,
איך ווער פאַרצערט פון פלאַם. ווי דו כ׳וויל ווערן יינגער.
איך האָב מיין פאָלק געזען דאָס פעטס אין זיך אויפעסן —
אַ סוף צו שלינגער!
לוויים זיינען מיר, אַ שבט זינגער.
לאָז ניט מדבר־ווינטן אונדז די שפורן איצט פאַרווישן,
לאָז אונדז ניט מיט גויים זיך אויסמישן.

## ממעמקים

ממעמקים
אַ טרויער ליד צום אייביקן פאַרגיין,
בראותי גאָט ברוך הוא
פאַרבלייבן איין אַליין.

בעל־כרחו אויסגעלאָשן האָט זיך הימל
מיט די ש״י עולמות
און איינגעהילט איבערן קאָפּ
האָט כביכול זיך
אין אָבלדיקן טלית,
איין אַליין.

אַ קלאָג געטאָן פון איכה,
פון אַ שיר המעלות,
מה טובו אהליך, גלות!
און צוגעברומט צום ניגון
פון לוויים:
אם אשכחך ירושלים;
אַזאַ מין בענקעניש
אַז ס׳דוכט זיך
עס איז ניט אויסגעבענקט נאָך גאָר
עד־היום.
אַ רענדל פאַר אַ מענטש,
אַ זעקסמיליאָנענדיקן ייד.
ווו ביסטו ייד,

באַשאַף די וועלט מיינע
מיר אויף דאָס ניי
זאָל זיין כאָטש
אין אַ ברכי נפשי ליד.
ממעמקים,
אַ טרויער ליד צום אייביקן פאַרגיין
בראותי גאָט ברוך הוא
פאַרבלייבן איין אַליין.

## אַבלים

אומעטיקע בינען בלאָנדזשען בלינד אַרום
אויפן פליישיקן טאַפּטשאַן.
די קאַץ קריכט פויל פון בעט אַראָפּ —
קריכט גלייך צוריק אין בעט אריין.
ביים הונט שטעקט שלאַבעריק די צונג אַרויס פון מויל,
ער האָט נאָך קיינעם, חס ושלום, ניט געביסן —
עפּעס דריקט אים אויפן האַרצן שווער,
דריקט אים אויפן הינטישן געוויסן.
די שפּין הענגט אויף איר שפּינוועבס טויט,
זי האָט געחלשט, נעבעך, אין דער מיט פון בענקען,
קיין פליג האָט זי ניט אָנגערירט סך הכל
שוין אַזוי לאַנג זוי פליגן קענען נאָר געדענקען.
דאָס קעלבל, מיט דער יאָלדעוואַטער צורה, אַלץ אַ קעלבל
וואָס דערלעבט ניט, קיין עין־הרע, אויסצווואַקסן,
איז ווי דער אַלטער אָקס, עליו־השלום, ביז די אויערן
גאָר מיאוס פאַרדריפּעט און באַוואַקסן,
נאָר עס שטערט ניט, גאָט באַהיט, דעם שלום־בית.
א יעדער איז פאַרנומען מיט זיין אייגן בענקען—
און וואָס מ׳האָט נאָך ניט פאַרגעסן
טוט מען פרום אין איין געדענקען.

# דער מערדער

מ׳האָט געכאַפּט דעם מערדער אינעם שטעטל.
שרייט, ביי דעם מת, דאָס בלוט אַרויס פון טיפן שטאָך —
און דער רוצח, מיט צוויי לאַנגע, איבעריקע הענט,
זעט אויס ווי יעדער ערל פון אַ קיילעכדיקער וואָך.

עס לויפן אין זיין קאָפּ אַרום די קאָסאָקע אויגן
און סלינע טוט אַ רין אַרויס אים פונעם מויל —
פון זיינע שווערע שטיוול און פאַרבלוטיקט העמד
כאַפּט יעדן איינעם, ביי דעם גאָרגל, אָן אַ גרויל.

בלייבט אָנגעכמורעט אַרום אים אַ כמאַרע יידן:
חלילה, מ׳טאָר ניט לאָזן ער זאָל טאָן אונדז אָן אַנטלויף.
הערן זיי אים מורמלען שטיל צו זיך אַליין: ראַטויטע!
איז וואָס-זשע ענטפערט מען, אַ שטייגער, אים דערויף?

— ראַזבויניק טי, דו מערדער איינער —ביילן זיך ביי זיי די פויסטן
און יעדער מאַנצביל האַלט זיך עפּעס אין איין גרייטן.
נאָר עס גייט אַוועק אַ שעה, עס גייען אַוועק צוויי
און עס הייבט זיך ניט קיין האַנט אויף אים צו טייטן.

ביז פּלוצים לויפט אַדורך אַ קרענקלעכע חרטה:
לא תרצח. — ווער וועט דען גיין מיט אים זיך גלייכן?
דער מת איז סיי ווי סיי שוין, נעבעך, נאָר אַ מת —
מ׳וועט אים לעבעדיק צוריק דורכדעם ניט מאַכן.

האָט עס דער מערדער גלייך דערשנאַפּט מיט שאַרפן חוש:
דער כעס האָט זיך ביי זיי, ווער ווייסט פאַרוואָס, אַביסעלע געביטן.
האָט ער אַ גלאַנץ געטאָן מיט זיינע ווייסלעכער, אַ שרעק
און ווי אַ חיה רעה אַ שפּרונג געטאָן צו יעדן אין דערמיטן.

— וואָס ווילט איר פון מיר, ליודי דאָברי, רחמנותדיקע זשידעס?
גאָר קיינמאָל ניט געזען, יעי באָגו, אָט דעם מת —
גייט פרעגט דעם גלח, אין דער צערקווע זיך געמאָליעט,
לאָזט מיך זיך צלמען: כריסטאָס וואָסקרעס!

איז אַ פּאַניקע אַריין צווישן עולם, געוואָרן ממש אַ בהלה:
איר האָט געהערט, ער האָט דערמאָנט דאָך גאָר דאָס יויזל,
אותו איש... וואָס זאָגט איר וואָס? קאַרג רוצחים
וואַרטן דאָרט אויף אונדז ביי יענעם הייזל?

אפשר וואָלט געווען אַ סברא מ׳זאָל אים לאָזן גאָר אַנטלויפן?
אַ לויב צו גאָט! ער איז דאָך טאַקע שוין אַנטלאָפן.
זאָל ער ברעכן האַלדז און נאַקן,
זאָל אים גאָט אַליין דאָרט שטראָפן.

האָט דער מערדער אָפּגעשטעלט זיך ביי דער יאַטקעגאַס ניט ווייט,
אַ בליאַסק געטאָן דאָס מעסער אין זיין האַנט —
אָן עדה יידן איז געבליבן מיט אַן אויסגעשטרעקטן האַלדז
מסוכן בלייכע, ביי אַ בלייכער וואַנט.

# כותל מערבי

דער כותל
האָט אין אונדזער אַלטער קלויז
די מיזרח־וואַנט פאַרנומען —
און ס'האָט אַ טויב
אַדאָרט מיט מוטערלעכע קנייטשן
דורך די שפּאַרונעס,
פּאַרגונען זיך
אין דער געדיכטער פינצטערניש
צו ברומען.
די שכינה האָט דערביי
מיט פּערל־גרויע אויגן
אַריינגעקוקט,
כביכול מיטגעוואָרקעט
מיטן כותל.
ס'האָט דורכגעפירט
אַ סטאַדע בלודנע שאָף
אַן אָנגעגורטער נביא
און פון אַ זייטיק סטעזשקעלע
אַרויפגעבראַכט זיי
אויפן גלאַטן טראָפּ פון דער הפטורה —
און צוגעשאָקלט האָט דער כותל
מיטן גראָזיק־גרייזן קאָפּ,
פון ווינקעלע אַפיר:
— אוי, הבן יקיר לי אפרים,
אפרים
הבן יקיר?

געלעגן איז ניט ווייט,
אַ שאָק מיט יאָרן,
צעשפּרייט אין מיטן קלויז
דער ספרדישער הלוי,
אַ ריטער האָט פול שינאה,

אויפֿן שטראָז
דערשטאָכן אים אויף טויט
און מ׳האָט אַריינגענומען, מיט יסורים,
אים אַהער.
שווער איז מיט דיר, פֿאָטער,
גאָטעניו —
און מיטן גלות איז גאָר שווער.

די בענקעניש אין אויג
איז מיט דער צייט געוואָרן געל:
איין אויג אַ גרוב — אַ מערת המכפּלה,
דאָס צווייטע ווי אַן אַנדער קדושים־הייל.
נאָר פֿריש פֿאַרשמעקט
מיט חומשדיקע בשמים
האָט אַ מאָל אַ פֿלוצעמדיקער אורח,
וואָס האָט דעם כותל, דוכט זיך,
אויפֿן רוקן מיטגעבראַכט.
(לאַנג איז נאָך געווען די גלות־נאַכט).
ביז ס׳איז די קלויז אַוועק מיט אַש און רויך
און אויך די יידן —
נאָר ווער האָט אָנגעטאָן זיך אַזאַ ריזן כוח
און האָט דעם כותל
צו זיין פֿריערדיקן אָרט דערטראָגן?
אַ שווערער וועג,
נאָר ברוך השם,
מע האָט זיך סוף־כל־סוף
דערשלאָגן.

# ירושלים

פאַרהייל מיר מיינע ריסן,
אויסגעהיילט ירושלים!
שונאים האָבן זיך
אין אונדז אַריינגעביסן —
בייסן נאָך
געשמאַק
עד־היום.

גויים ווילן אָט־אַזוי, מסתמא,
אויסגעפינען אין קאָמפּיוטער:
ווער פון זיי ס׳אַ פּאָלנע עשו —
און ווער נאָר אַ טאָטער.

ס׳האָבן רוימער צוגענאָגלט
זיי צום סלופּ
פון גלויבן —
ווילן זיי
אַז גאָט
זאָל אייביק
טרויערן אין דיינע שטויבן.

שלעפּן זיי אויף זיך זייער הויקער
אויף דער וויאַ־דאָלאָראָזע —
האָב איך מערער ניט די העזה
צוצוזען זייער שאַנד.

פאַרשטעל מיך פון זיי, כותל מערבי,
מערב וואַנט!

# שלש סעודות

די מלאכים זיינען פלוצעם פונעם שבת־טיש פֿאַרשוווּנדן,
אַ פּאַרמאַסקירטער אויפֿן צלם איז געבליבן הענגען
נאָר דער ייִד מיט וווּנדן.
אין לופֿטן האָט געלויערט
רויב און שרעק.
די לעצטע ייִדן זיינען
פֿונעם שטעטעלע
אַוועק.
די שיכורע פּאַראַשקע האָט געפּאַכעט צו אַ יעדן מיט דער פויסט
און עפּעס נאָכגעשריגן פֿון טראַקטיר.
דער איידעם אירער האָט געפּרוווט די קאָץ דערשטיקן
ביי דעם ביישטידל פֿון טיר.
אַ כאַפּטע שקצים איז אַרויס אין גאַס אַריין
און יעדערן באַוואָרפֿן מיט אַ האָגל־שטיינער.
אַ פּרוּוי אַ ייִדישע איז אומגעפֿאַלן אין דער מיט פֿון וועג
און ניט געקענט אַ ריר טאָן מער די ביינער.
דער כיטרע שבת־גוי האָט אַ מציאה ערגעץ ווו דערביוועט,
דעם רבס אַ שטריימל — און נאָכגעמאַכט דעם רבס העוויות,
נאָר זיין הונט, אַ הינטישע נשמה, האָט בייז אים אָנגעקוקט,
געטרויערט — און צו אַ ייִדיש קינד איז אויסגעגאַן ביי אים דאָס חיות.
דער ווינט האָט אויך, אין בענקעניש, אַרומגעכאַפּט
און קינדעריש אַ דריק געטאָן צו זיך די חרוב ווערנדיקע וועלט —
און ס'האָט דער הימל, ווי אַ הימל, אַ נאַקעטער דערביי געציטערט
און מיטגעציטערט האָט מיט אים די קעלט.
אין חלל ווייט, סתם ווי אַן עדות,
אַ לעצטער סימן נאָר,
געבליבן זיינען שטערן דריי, אַ סגול,
דריי שפּיציקע נקודות,
וואָס האָבן אַלע צוגעזען,
ווי גוים האָבן דאָ געפּראַוועט
אַן אימהדיקן שלש־סעודות.

# תכנת שבת

מישט שגעון אויס אַן ערב־רב פון קולות אינעם קאָפּ,
זיי קריכן איינס פון צווייטן ניט אַראָפּ —
דער ווינט פאַרשלעפּט זיי
ערגעץ ווייט צום פויערישן צווינטער.
גאָט דראָזשעט אויס פון זיך
דעם לעצטן דראָזש פון ווינטער —
און לאַכט, אַ ניי־געבוירענע, די ערד.
פון ווייטנס רייטן־אָן אין גלייכע פּאָרלעך
פרעמדע רייטער, גלעטן ווייסע פערד
און קוקן אויס ווי אויסגעפּוצטע פּורים־געסט —
אַ ייד נאָר, אויף דער גיך,
באַהאַלט זיך אויף אַ בוים אין וואַלד —
און האַלט זיך־אָן דאָרט פעסט.
פון קרעטשמעס שרייען גויים אָנגעשיכורט
מיט קולות מיט באַנומענע
און ס׳הערט זיך גדלותדיק אַרויס
דעם גלחס באַס:
„כריסטאָס וואָסקרעס,
וואָאיסטינע וואָסקרעס!"
און ס׳טוט דער ייד אַ ציטערדיקער הענגען
אויפן שפּיץ פון בוים בנס.
און מיטאַמאָל זיי ווערן אַלע ווידער
אַלטע צלם־טרעגער
און פאַלן אויף די פּנימער
צופוסנס פון אַ שטייפער מזרח־וואַנט.
מיט חולה־נופלימדיקער פּינע
באַנעצן זיי, אַ יעדער איינער,
דעם שטויב און בייסן איין זיך אין אַ פרעמדן לאַנד:
„טער־ראַ סאַנטאַ! טער־ראַ סאַנטאַ!"
און אין דער שטיל אַ יידיש קול,

ווייט אָפּגעשיידט פון זיי,
שטייגט צו דעם הימל מיט תרעומת:
„תכנת שבת,
פּאָטער זיסער,
שבת, אוי, תכנת".
מישט שגעון אויס די קולות אינעם מידן קאָפּ,
זיי קענען איינס פון צווייטן ניט אַראָפּ.
גאָט דראָזשעט אויס אין זיך דעם לעצטן דראָזש פון ווינטער
און עס רייטן הוידלענדיק אַוועק די פערד —
נאָר אומעט וויינט אַריין גאָר טיף אין בוזעם פון דער ערד:
„טער־ראַ סאַנטאַ! טער־ראַ סאַנטאַ!"
און עס בלייבט אַ קול פאַרטשעפּעט אינעם הימל,
ביז בלוטיקן עס הייבט אָן שטאַרקער ביים אַראָפּ:
„תכנת שבת, טאַטע זיסער, שבת, אוי, תכנת?"

# איוב

געקומען איז ער איוב
פונעם לאַנד פון עוץ —
זיין אַדרעס אומבאַקאַנט,
אפילו אין משרד־החוץ.
ער איז שוין אויסגעהיילט לחלוטין
פון דער קרעץ, זיין אַלטע פּלאָג,
מסתמא ווייל געבאָדן זיך
אין ביטער וואַסער פון סועץ
אין נעכטיקן פאַרטאָג.
ער ברענגט מיט זיך אי קציעהן,
אי ימימהן, זיינע שיינע טעכטער —
נאָר פוכעלע געבליבן איז נאָך
אין דער אַלטער היים,
זי וואַרט אַלץ אויף אַ וועלט דאָרט
אַ גערעכטער.
ער טרעט מיט זיינע פיס
ירושלימס שטויבן:
מוז מען זיך וואַלגערן אין זיי
צו קענען גלייבן?
אשא עיני אל ההרים —
ער טראָגט די אויגן צו די בערג,
וואָס טראָגן בערג צו צו די אויגן?
חלילה,
דאָס גריבלען זיך איז איצט אומזיסט,
עס וועט ניט טויגן —
ער פרעגט זיך פאַרט:
אַ ווייַנגאָרטן האָט דאָ אַמאָל געהאַט אַ פּרייַנט, —
נו, ווו איז ער הייַנט?
איז ער פאַרזונקען ערגעץ דאָרט
ווו זייַנע ספיקות זינקען
און וועלן שוין אויף אייביק בלייבן
נעבעך ניט גערעכט?
דער עבר איז נאָך אַלץ אַזוי פאַרנעפּלט און אַזוי
געדיכט.

איז אפשר דאַרף ער גאָר ניט ווערן מער
קיין אויפגעבערויזטער?
פאַרקוקט ער זיך אויף פעטע פאַרבן
פון אַ פרעמדן קלויסטער.
ס׳בליאַסקען ערגעץ פענצטער.
טרייסלט אויס אַ פרוי אַ קילים,
געקומען איז אויף אים גאַנץ תימן, ווי אין אַ חלום.
און ס׳וואַלגערט זיך דאָס האַרץ פון איוב
אין אַ גריילעך פאַרגעניגן.
— אלוה, ענטפער מיר, זאָל זיין אַפילו אין אַ שטורעם.
טרייב אַרויס פון מיר דעם ליגן!
כ׳וואָלט וועלן טרעפן דיך דאָ היינט,
נאָר ניט אויף זיסע פּנימער פון אַלטע איוב פריינד,
פון בלדדן, אליפזן, אוודאי ניט
פון צופר —
די פּנימער באַוועגן זיך גאָר לעבעדיק אַרום
נאָר זיינען זיינען אַלע שוין
בלויז שוכני־עפר.
נאָר דיך, כ׳וואָלט, אלוהים, געוואָלט
אין דונערן און אין געוויטער
אויף דאָס ניי דערקענען —
זאָג, איז וואָס וועט זיין
אַז אַלע מיינע ליידן וועלן אויסלעשן זיך —
אַ לעש זיך אויס און גאָר,
וואָס זשע וועט נאָך פאָרט אין מיר
דערנאָכדעם ברענען?

— און ס׳האָט אַוועקגעזעצט זיך איוב,
אינעם שאָטן פון פאַרנאַכטיקע פּאַלאַצן
און פון הנאה בלויז, גענומען זיך אין גוף
דאָס פרוכלע גליק, מיט אַ דינעם שערבעלע
צו קראַצן.

# נעכטיקע טעג

קנעכט
שעפּן מיט אויגן זאָרגפולע
ביזן דנאָ אויס
די רינענדיקע שיין
פון נעכט —
און צאַנקען וואַרטענדיק
אויף יענעם ליכט,
וואָס וועט דערפרייען זיי
גאָר אומגעריכט.

און די נעכט
פאַרלויפן איינס דעם צווייטן
אַלע וועגן,
בלייבן ביי די שוועלן פון דער וועלט
און האַלטן אין איין פרעגן:
ס'איז נאָך אַ לאַנגער וועג?
ווען קומען זיי די אמתדיקע,
אמתדיקע טעג?

ביז אין אַ ווילדן אימפּעט
און מיט פייערדיקע צעפּ
זיינען טאַקע אָן
די בלאָנדע טעג,
פון זייערע הויכע טרעפּ
אַ קוק געטאָן מיט שפּאָט
און זיך צעלאַכט אין מיטן פון געיעג:
דאָס איז אַ שליאַך?
לאָז געמאַך!
קנעכט
נעכט
שוואַך געשלעכט.

די זון האָט קוים זיך אָנגעהאַלטן
אין זייער פּינפטן ראָד פון וואָגן,
די הימלען זיינען ערגעצוו אַנטרונען
און געוווּנקען פון דאָרט בלייך צעטראָגן.
נאָר דער ווינט
פאַרשלאָפן,
אָן אַ קינד און אָן אַ רינד,
האָט אומעטיק געטאָן אַ פרעג:
טעג?
ווער, וואָס, ווען? — וווּ זיינען זיי?
ווער קען דערקענען זיי?
ס׳איז סתם אַ ביסל לופט,
אַ קויטיק ליכט
און ווינטן אין דערמיט —
אַ ניט
איז עס אַ פּוסטער שיין־געדריי,
די זון האָט דאָרט געלייגט אַן איי.
אויך מיר אַ פאַרמעג:
נעכטיקע טעג!

# אויפן הימל אַ יריד

די נאַכט האָט לאַנג אַרומגעזוכט
אַ בינטל פעלנדיקע שאָטנס
און אַ צעטומלטע איז זי
אין שיסל פונעם הימל טיף אַריין.
דוכט זיך,
עס איז בכלל קיין הימל
דאָרטן ניט פאַראַן,
סתם
צונויפגעשטיקעוועטע פוילע־וואָלקנס,
וואָס ליגן אויף די בייכער
בידעריק ביי דער ערד —
באַלד און עס וועט פון זיי אַ וואַסער ווערן.
— געהערט?
דער ווינט האָט ניט געוואָלט גאָר
אָפּלאָזן די שטערן.
אַ מלאכל, אַ שאַרפּער קאָפּ, אַ ברען
און אפשר איז ער אַ פּלאַנעטל,
געטאָן האָט זיך אַ גליטש אַראָפּ
אין די מעמקים
און מיטגעשלעפּט מיט זיך
אַ סדומער בעטל:
מ׳גייט די וועלט היינט צושניידן
גאָר אַנדערש,
אויף אַ ברייטערן פאַסאָן.
מען וועט אַ יעדן צוטשעפּן
אַן עקסטרע שאָטן.
נאָר פון אַלע ארבע רוחות
פון דער וועלט
האָבן זיך צעקרייעט בייזע הענער:
מ׳דאַרף היינט ניט קיין אויפטועז
קיין נייע,
ס׳האָט אייך ניט געבעטן קיינער,
אַ שאָטן אויף אַ מענטש

איז גאַנץ גענוג,
ס׳איז אַן עבירה
אים צו געבן מער.
סיי ווי סיי,
ווער איז ער ווער?
נאָר בלויז אַן אָדם
און טראָגט אויף זיך
אַ קורצן טלית קטן —
וואָס זשע וויל ער וואָס?
עוג־מלך־הבשנס שאָטן?
— — — — — — — — — — — — — — —
די נאַכט האָט אויסגעדרייט זיך
מיטן פּנים גלייך צו מיר
און האָט זיך אָנגעבאָטן.
אַ ציטער איז דורך אַלע ציטערן אַ דורכגעלאָפן
און האָט דערגרייכט צו מיר,
אני הקטן.

# ניו־יאָרק

ווײַנט ניו־יאָרק באַצאָלטע טרערן
און קריכט איר טרויער דורך
דורך העלדזער גליטשיקע
פון קאָנוולסיווע זינגער
און צערודערטע פּאַיאַצן —
עס ווערט צעקוועטשט דערבײַ
דאָס טרייסטנדיקע קול פונעם קלאַרנעט
פון מוראדיקן בראַזג פון טאַצן.

חצות. עס סמאַליען זיך אַרום קרבנות
צום בלינדן גאָט,
וואָס שטאַרבט פון ליבע אויסגעמאַטערט —
די נאַכט וויל ראַטעווען איר אומשולד
און אַוועק,
נאָר עס האַלט זי צו דער חוזק
און ער פּלאַטערט.

אַ שוואַרצע חוה שרייט און קנייפּט די באַקן;
אַ כיטרע קרעמערל, אַ שלאַנג
האָט איר אַרײַנגעשטופּט
די עץ־הדעת שאָלעכץ פון גן עדן.
זי קוקט צעיאָכמערט צו אַ מאַן,
וואָס האָט געחלשט לעם אַ נאָענטן קיאָסק —
דער שאָטן זײַנער איז אַ ווייל אַוועק אַליין,
זיך אומגעקערט דערנאָך — און אײַנגעדעקט זיי ביידן.

מלאכים האָבן אין דער גיך
זייער לייטער אין דעם הימל ווייט פאַרשטופּט —
נאָר ס'האָט דער חלום אָפּגעבריט זיך ביידע פיס
ביים פּרווון פון דער לייטער
אַריבערשפּרינגען אויף אַ צווייטער.

# די מערישקע

נעכט — צעריסענע פּרוכתן
און צווישן זייערע ריסן
שווימען דורך די טעג;
וואָס גייען זיי מיך אָן?
אַ זיס חלשות נעמט אַרום דעם מוח
אין מיטן פון אַ פריקרע דרימל.
עמיצער טרעט, אַן אומגעלומפּעטער, אַרויף
מיט שווערע שטיוול
אויף די וואָגשאָלן פון הימל.
די זון מיט רויט צעשפּרייטע־פליגל
פאָכעט איבער אומבאַקאַנטע ווייטן,
ווי אַ ווילד צעקרייעטער האָן.
ווו לאָזט די וועלט זיך ערגעץ אויס,
ווי הייבט זי, אין מיין בליק, זיך אָן?

בלויז אויף מיין אונטערטייל פון פּלייצע,
מיט אַ נודנע שפּאַן,
באַוועגט זיך, אין דער פינצטערניש, אַ מערישקע
און גראָבט זיך טיף אין רוקנביין אַריין.
זי נודיעט מיך אויף טויט און ערגערט מער
ווי אַלע גולמדיקע שרעקן אין הפקרדיקע רוימען.
ווי לאַנג וואָלט מיר געווען דער טאָג, ווען איך ווי זי,
אפילו מיט ביטחון, וואָלט אַ בלינדער דאָ אַרומגעקראָכן?

האָסט נאָר צום קריכן מיר געלאָזט דיין וועלט, באַשעפער,
געשאָנקען אַ מציאה? זיך לערנען פון אַ מערישקע?
דערנאָך — באַקומען, ווי עס קריגט אַ יעדער,
מיין חלק ערד. געניי געמאָסטן לויט מיין וווקס,
קיין שפּאַן ניט מער — אפילו ניט קיין ווערישקע.
איז כאָטש צעטרעטן לאָמיך, אויב איך קען, די קריכערקע,
די מערישקע!

## דער גראָשן

אויף אַ חלום פרעגט מען ניט קיין קשיות —
עס העלפט דאָס פרעגן?
ווען איך טרעף מיין חלום
פאַרשלינגען אים די וועגן,
ער לאָזט מיך שטיין מיט אַ ירגזון,
לוינט זיך נאָכצולויפן?
אין מיין האַנט פאַרוואַלגערט זיך אַ גראָשן,
וואָס זאָל איך מיט אים קויפן?
זעץ איך מיך דערוויל אַנידער
ביי דעם אויסבייג פונעם שליאַך —
ווינטערט נאָך אויף אים דער ווינטער,
ווי אויף אונדזער אַלטן דאַך.
קומט צו גאַסט צו מיר מיין קוטשמע,
דעם יריד אויך מיטגעבראַכט —
נאָר די אויערן פון מיין פענצטער
האָט דער ווינט מיט שניי פאַרמאַכט.
קומט אויך אָן דער טאָג צו לויפן,
זיינע זוימען גרין באַנעצט,
אַלע אַנדערע קאָלירן
האָט ער ביי דער נאַכט פאַרזעצט.
שיקט דער פראָסט די קעלט מיר זאָגן
אַז ער האָט זיך איינגעבראָכן
און דער שניי פאַרקרימט דאָס פנים,
וואָס איז טיף אין מיסט פאַרקראָכן.
נאָר פאַר מיר און מיינע אויגן
האָט די ערד זיך פריש צעבליט,
אויך אַפילו די וואָראָנע,
ווען זי קראַקעט אַז זי פליט.
שטעלט זיך אָפּ די צייט, טוט פרעגן:
— בין איך נאַכט, צי אינדערפרי?
קנייטשט אַ שטראָם גאָר לאַנג זיין שטערן:
— ס'אַ חילוק ווו דו ביסט און — ווי.
לעקט אַ כוואַליע מילד די זאַמדן,
לעקט און לעקט — און בלייבט ביים לעקן,

ביז זי טראָגט אַוועק, די כוואַליע,
אי די זון, אי אירע פלעקן.
אין אַ טאָל, ביים ראַנד פון פעלדזן
קוועלט אַ קוועלעכל און קוועלט,
פרירט אָט־דאָרט דאָס לייב פון וואַסער:
— אָט דאָס הייסט, רבותי, קעלט!
כאַפּט אַרום דאָס האַרץ אַ ציטער,
דוכט זיך כ׳וויל פון מיר אַנטלויפן —
שריי איך נאָך מיר: — שטיי אַ ווײַלע!
וואַרט, איך דאַרף די וועלט נאָך קויפן.

— — — — — — — — — — — — — — —

קוקט די מאַמע אַ פאַרשעמטע פון אַ ווינקעלע צו מיר.
סאַראַ ווייסקייט טוט באַלויכטן אירע ווייכע מוטער הענט,
האַלט זי אָן מיט זיי די סטעליע
און די אויסגעקרומטע ווענט.

— מאַמע, גיב מיר, מאַמעניו, אַ גראָשן,
איך דאַרף קויפן... האָסט מסתמא, שוין געהערט.
— דאַרפסט אַ גראָשן? נעם, מיין קדיש, מיין נשמה,
זי איז אויך אַ גראָשן ווערט.

— — — — — — — — — — — — — — —

דער חלום האָט זיך אַקוראַט דאָ אָפּגעשטעלט.
די שטערן זיינען אויסגעלאָשן.
ווו האָב איך עס, ניט מיר ניט דיר,
צעפּטרט אָט דעם גראָשן?

# אַפּאַסיאָנאַטאַ

ברענג אַריין צו מיר
מיין אַלטע, ווינטערדיקע כאַטע
און נעם אויך מיט, למען השם,
דעם אָפּגעניצטן פאָטערשטול,
ווו אַ פאַרקלערטער זיצט מיין טאַטע —
ער הייבט־אויף שטוינענדיק
און לאָזט צוריק אַראָפּ אַנטוישט
די ברעמען.
(אפשר טו איך עס גאָר איצט
פאַר אים,
נאָר ס'איז זיין טבע:
ער וויל מיך ניט
אומזיסט פאַרשעמען.)

ער קוקט אויף דיר,
מיין ליד
און קען דיך,
בשום אופן, ניט פאַרשטיין.

עס ערגערט אים, ווייזט אויס,
אָט־דאָ צובלייבן
אין דיינע קאַלטע־ווערטער
איין אַליין.

די מאַמע וואָלט, מסתמא, יאָ פאַרשטאַנען
אונדז — און וואָלט געטראָפן
אַז איך בין מיט דיר
דעם פוסטן מיטוואָך
אַ פאַרסאָפּעטער לאַנג נאָכגעלאָפן —
וואָלט זי געפּרוווט מיך רופן,
אפשר איבערבעטן
און וואָלט די ווערטער אירע
ווי אַ וועג פאַר מיר
באַמיט זיך אויסצושפּרייטן:

נו, וויפל איז דער שיעור דען,
מאָטעלע, צו בלאָנדזשען,
קום שוין, קרוינעניו, צוריק.
איך הער נאָך ביז אַהער אַרויס,
אין קול אין אירן,
דעם ניגון און דעם סקריפּ
פון וויג.

און איך? —
זעסט אָקאָרשט,
איך פּרווו מיך אויף אַ דינעם שטריק,
איבער די טאַנצנדיקע
תהומען
אַריבער, אי אַהין אי צוריק —
איז ווי זשע גרייכט צו מיר
דער ליכטיק קלאָרער רצון,
וואָס איך ווייס:
עס איז מיין טאַטע —
אַפילו ווען ער שלאָגט זיך דורך אַ וועג
דרוך מרה שחורהדיקער־פרייד
פון לודוויק וואַן בעטהאָווענס
אַפּאַסיאָנאַטאַ?

# צום לעצטן פאָרן

עס ווערן אָנגעשטעלט אויף אונדז די ריזן פּראָדזשעקטאָרן,
זייט גרייט, רבותי, האַלט זיך אָן, מיר פאָרן!

עס פּאַטשן אונדז אין פּנים שוין די אָנגעטראָגענע סיבירער וויוגעס,
אַ טערקיש וואָרט פאַרוואַלגערט זיך אין מויל — נאָר, אדרבא, פּרווו זאָג עס!

אַט וויגן זיך גאָר הויך איבער די קעפּ די שטאָלצע פּאַלמעס און ציפּרעסן,
מיר האָבן ערשט פאַרלאָזט דאָס לאַנד פון ספינקסן — און אַ פּייג געגעסן.

איצט האָט זיך אָפּגעריסן פון דער לופט דער אַלטער הימל און ער ברענט,
נאָר אָנגעגרייט איז אין די ספערן, דורך אַ נייער בלויקייט, אַן אַנדער
פירמאַמענט.

איז זייט זשע גרייט, רבותי, עס פּאַלגן־נאָך אונדז פּראָדזשעקטאָרן,
בעמט־אָן זיך פעסט, איר האַלט אין פאָרן!

מאַשינען רוישן, די גאַזן שטויסן מעכטיק די מאָטאָרן —
די ערד, אַ צעלולאָיד בילד בלויז, פאַרשמעלערט זיך אין קאַמער פון זיכרון.

מיר טראָגן זיך אַרויף מיט ווייסער פאַרע — וואָס קען דען אַרן
אַז שטערן זשומען אַרום אונדז ווי גיפטיקע קאָמאַרן?

אוי־וואַ! דער קאָסמאָס טובלט זיך אין אור־הגנוז ליכט, גלייך נעכט פּאָלאַרע,
מאַכט אַ וואַרע!

איצט שלענגלען מיר זיך דורך דורך פייערדיקע סאַטעליטן,
מיט ניסים האָבן מיר דעם ווענוס אויסגעמיטן —

און חי געלעבט. מען האַלט אַן אויג אויף אונדז מיט די סאָלידע
פּראָדזשעקטאָרן,
איז גורט זיך אָן מיט מוט, כל זמן מיר פאָרן!

— עפּעס האָט זיך אָפּגעשטעלט גאָר שטיל אַ ראָד. עס פינצטערט אין די אויגן.
דער טאָג, חלשותדיק, טוט אויף דער לינקער זייט זיך אין איין בייגן.

הענט רירן אין דער חשכות אָן בלויז אַן אַנטרינענדיקן שאָטן.
די פּיס פאַרגליווערן. דאָס פּנים ווערט אַלץ מערער אין אַ מת גערוֹאָטן.

וואָס טוט מען, טוט מען אָט אַצינדערט מיטן גוף?
ער הערט פון ערדן ווייט אַן אייביק מאָנענדיקן רוף —

און ערגעצווו עס וואַרט דער שוואַרצער וואָגן מיטן ארון.
זייט גרייט, פאַרשווינען, גרייט, צום לעצטן פאָרן!

# אַ בלינדער ייד און — צפת

הייבט אויף דער ייד האַלב־בלינדע אויגן
צו דעם הימל און דערזעט דאָרט: צפת.
וואַקסט ער אויף צוריק און ווערט אַ דרדקי,
אַ בלייך, פּאַרסאָפּעט־ייִנגעלע
מיט אַ פּייל און בויגן אויף דער גאַס.
חיילות לויערן אויף אים,
(אַ וואַלד מוז ערגעץ זיין דערביי)
און דאָרטן, צווישן שדי׳ס פעלדזן,
בסוד סודות,
האַלט זיך אויף דער אַלטער תנא
רבי שמעון בר יוחאי.
זיין מלבוש
לופטערט זיך נאָך
אויף אַ בוים
מיט טייטלען, פייגן און אַ באָקסער,
וואָס וואַקסן אַלע אינאיינעם —
די קלאָרע, ציטערדיקע־וועלט
שפּיגלט זיך דאָ אָפּ מיט זיי
און טובלט זיך
אין אַ זילבער שטראָם, אַ ריינעם.
פון דאַנען קריגט ארויס אַ ליכטיק אות, אוודאי,
דער תנא בר יוחאי —
ער האָט באַקומען עס שוין פריער
פונעם כביכולס
דימענטענער קרוין —
און איצטער איז ער עס מיט אַנדערע מזווג,
עס פינקלט טאַקע אויפן פּאַרמעט
און וועט פאַרבלייבן דאָרטן אָט אַזוי
לעולם ועד שוין.
פאַרווילט זיך שטאַרק דעם בלינדן יידן
(ער איז שוין ניט קיין ייִנגעלע איצט מער)
כאָטש מיט אַ שפּעלטעלע פון אויג
אַ כאַפּ־טאָן אויף אַ רגע בלויז אַ בליק
און זען די ריינקייט,
(נאָר, ווער איז ער עפּעס, ווער?)

צי אפשר, אויב מ׳קען,
דאָס רזין־דרזין הייליק ספר:
זוהר.
טוט אים אַן אימהדיקער ציטער דאָס שוואַרצאַפּל,
אַ צונג פון פייער
טוט אַ שפּרונג־אויף אומגעהייער.
דערשרעקט ער זיך, דער ייד,
עס זאָל, חלילה, ניט אין רומי זיך דערוויסן
אדריינוס שחיק עצמות [1]
נעמט ער מיט מיט זיך דעם בוים,
זיין לינקע זייט זיך צו פאַרשטעלן,
קיינער זאָל אים איצט ניט זען —
און דערנאָך דעם זעלבן בוים שוין
אויף דער רעכטער זייט ער נעמט אַריבער,
פשוט, ווייל ניט גוט, בפירוש,
ס׳איז צו גיין
דעם וועג אַליין.
פאָלגט אים נאָך אַ מחנה יידן,
מקובלים און שם דברס
און אַזוי זיך טאַטנס קינדער,
יוסטע יידן פון דור דורות.
ליכטיקן ביי אַלע די שפּיץ־פינגער,
שטראַלן מופתימדיק די איידלע־הענט
און די אויגן אויסגעלייטערט
פון די פוסטע מוראס
און פון שאָטנס אויף די ווענט.
און עמעצער פון זיי, בדבקות,
(אפשר טאַקע ער אַליין)
מיט אַ יעדער גרעזעלע באַזונדער
האַלט אַ ריקוד אין איין גיין.
אשרי האיש,
ווי זוויל מיר, ווייל איז
דיך באַשעפער,
אַפילו בלינדערהייט, אין צפת,
צו זען.

---

[1]) אַ בראָך אין זיינע ביינער.

## אַ „באחרית הימים"

זיי וועלן זיצן איינגעהילט אין אַ געדעכטן שווייגן
און מוטשען זיך אַ וואָרט אַרויסצוברענגען צו די אויערן —
דאָס לשון זייערס, אַ נפלא, איז ערשט ניט לאַנג,
מיט שווערע ווייען, אין זייער מויל געבוירן.
וועט איינער פּרוּוון מיט אַ פינגער אויפן זאַמד צו מאָלן
אַ וואַזשענם אורפּאַטער, וואָס כאַפּט דעם אַנבליק פון אַברהמען,
נאָר אָט דאָס בילד, אָן הענט און פיס,
וועט אויסקוקן מטושטש און צעשוווּמען.
אַ צווייטער, וועט דערכאַפּן פון דער לופט
אַ משונהדיק געשריי פון קינדער לעבן קויטיקן געצעלט —
און זקנים וועלן ווערן בייז און אויפגערעגט
און שלעפּן פּונעם האַלדז אַ קרעכץ איבער דער וועלט.
ביז פּלוצעם וועט אַרויס פון ווילדן סטעפּ אַ וויזלטיר,
צי אפשר גאָר אַ נייער יורש פון אַ שור־הבר —
וועט זיך דערשרעקן מיטאַמאָל די אויסגעשטעלטע וואַך
און לויפן רופן צו אַ קאַמף דעם יונגן דור.
מ׳וועט צוריקקומען דערנאָך צעמזיקט און סקאַליטשעט
און עפּעס כאָרכלעך הייזעריק, איינאיינעם, אין אַ כאָר —
באַשרייבן אָט־אַזוי מסתמא זייער ניצחון
און הוליען, חי געלעבט, אין בלוילעכן קאַיאָר.
דערנאָך וועט איינער אין דעם פעלד אַרומזוכן אומזיסט
אַ שטיין אַ שאַרפן, אַ פייער דאָ צו מאַכן —
און וועט ארויסגראָבן מיט זיינע הענט אַן אָפּגעריבן שטיק מצבה,
וואָס יעדער וועט דערפון ניט אויפהערן צו לאַכן.
וואָס איז עס וואָס אַזוינס? אַן אָפּגעמעקטע שריפט:
„טאַטע, מאַמע, זיינען מיר באמת שוין ביים סאַמע סוף שוין אויסגעלאָשן?"
און אויך אַפילו זיי, די קלוגסטע לייט, וואָס ברעכן זיך דעם קאָפּ,
פאַרשטומטע וועלן שטיין ביים אויספאָרשן דאָס לשון.
סך הכל ס׳איז אַ שטיין געטעסעט גלאַט און פיין
און דאָך אַזוי טשיקאַווע, סאַמאָראָדנע —
און אויסגעקריצט פּירקאַנטיק, אין אַ שורה, מ׳האָט אויף אים
אי פּינטעלעך, אי פּאַסיקלעך זייער מאָדנע.
נאָר עפּעס ברומט אין דעם פון העלער הויט אַרויס,
אַ מין געזאַנג, וואָס שטורעמט אויף די בלוטן—

עס טרייסלט אויף אַ יעדן חלום ביז צום גרונט
און ווערט אין פרעמדע עולמות ביז גאָר געראָטן.
און אַלע וועלן אָנהייבן צו זינגען מיט אַן אַלטן טראָפּ:
„טאַטע, מאַמע, זיינען מיר באמת שוין ביים סאַמע סוף? שוין אויסגעלאָשן?״
צי וועלן טרעפן זיי אַז אָנגעשריבן דאָס האָב איך נאָר סתם אַזוי
אין באחרית הימימדיקן כתב און יידיש לשון?

## א י י נ ו כ ן

מ. שטיקערן

גאָט, פון אַלע גייסטער
אין לעבעדיקע פליישן,
עס זינגען פרום און בוימלדיקן
די גויים לאַנג צו דיר,
נאָר עס הערט דער רשע זיך אַרויס פון זיי
מיט סאַמע רישן —
פאַרנעם מיין שרייעדיק געבעט
און הייס געוויין,
גאָט
פון קולות וברקים.
איך האָב דיך קינדעריש צוערשט געזען
ווען, הייבנדיק די הענט,
עס האָט דער כהן
אויף אַ קול
געענומען דוכענען
ביים דוכן.
קאַסטרירט, מיט שיקסע קולות
און פראָפונדע־באַסן
פאַר גויים,
נאָך אַ טרייפן איבערבייסן,
עס זינגען די איינוכן.

# אינהאַלט



## פון זעלבן מחבר:

פאָרמען אין ברען. דערציילונגען. 38־1937. ווילנער פאַרלאַג
פון ב. קלעצקין
(די גאַנצע אויפלאַגע פאַרניכטעט געוואָרן אין ווילנער געטאָ.)